Vi ikh

# ווי איך זעה עס

(און אַנדערעס)

פון פּעטער אלטענבערג

איבערזעצט פון משה נאַדיר



פאַרלאַג „ניי-צייט", ניו יאָרק

1919

# אָבטהיילונגען.

# ביים ברעג ים.

(שטודיען).

---

## נייען און עלעף.

מארגאריטא איז געשטאנען נאהענט לעבען איהם. זי האט זיך אנגעשפארט אויף איהם.

זי האט גענומען זיין גרויסע האנד אין איהר קליין הענטעל און האט זי געהאלטען פעסט. טיילמאל האט זי זי לייכט געדריקט צו איהר ברוסט.

און זי איז ערשט געווען עלעף יאהר אלט.

„מארגאריטא איז אן אמת'ע מענשענפריינדין", האט געזאגט די מוטער פון יונגענמאן. „ראזיטא, זעהט איהר, איז שוין אנ־דערש. — — זי האט ליעב די איינזאמקייט, די נאטור און די חיות. איצט האט זי אוועקגעשענקט איהר הארץ צו א געלען דאקס־הונד, מיט'ן נאמען הערר פאן בערגמאן. נעכטען האט זי געהאט ס'גליק זיך מיט איהם צו באקענען. היינט האט זי שוין פולע טאשען מיט ווערפלעך צוקער פאר איהם — — ס'איז אבער אן אומגליקליכע ליעבע".

„פארוואס אומגליקליך?" — זאגט דאס קינד, — „איך האב'ן דאך ליעב! איך טראכט שטענדיג פון איהם. — — דארף איך דאך זיין גליקליך?"

ראזיטא איז געווען נייען יאהר אלט, דין און בלייך.

מארגאריטא האט געזאגט: א, ראזיטא איז עפעס אזוי־א!

„ווי אזוי אזוי־א?“ האט געפרעגט די שוועסטער און איז בלייך געווארען.

„יא, דו ביזט אזוי־א — — —! זי וויל ווערען א קעל־נערין און שפּילען גיטאר!“

ראזיטא: דער ווירט פון׳ם גאסט־הויז „דער רויטער האהן“ האט אזוי שעהן געשפּיעלט אויף דער גיטאר און געזונגען! און ער האט אפּילו נישט געוואוסט, אז ער זינגט שעהן — —! ער האט זיך פּשוט אנידערגעזעצט און געזונגען — —“

מארגאריטא: ראזא האט אן אלט־שטימע און זי דיכטעט זיך אליין אויס ליעדער. אין דער־פריה זינגט זי טיילמאהל: „א מיינע בערג, מיינע בערג, — — אבער פונדעסטוועגען איז זי עפּעס אזוי־א — —!“

די מוטער האט געזאגט: „וואס איז׳ס איבערהויפּט פאר א ליעד: „א, מיינע בערג! — —?

ראזא האט זיך איבערגעקוקט מיט דער שוועסטער. זי איז געווען דערשטוינט, געפּלעפּט.

מארגיט האט געזאגט: דאס איז יא א ליעד — —! דו פאר־שטעהסט עס נישט, מאמא. אבער מיר פארשטעהען עס, איא עס איז א ליעד, הערר — — — —?!“

דער יונגערמאן האט געזאגט אז „יא!“

און געטראכט האט ער: „דאס איז א מענשליכע נשמה אין טענער — — — א ליעד!“

ער האט אריינגעבליקט אין דער וועלט פון צוויי קינדער־נשמות.

מארגאריטא איז געווען די אויפגעהענדע מארגען־רויטקייט און ער האט עס נישט געקענט זאגען אנדערש, ווי מיט די ווערטער.

אבער די אנדערע וואס האט געוואלט ווערען א קעלנערין, די בלייכע־צארטע, וועלכע האט נאך געוואלט לערנען שפּילען אויף דער גיטאר און וועלכע האט געזונגען מיט אן אלט־שטימע „א, מיינע בערג, מיינע בערג“ — — —?!

עס איז געווארען אווענד.

ער איז געזעסען צווישעןביידע קינדער אויף א באנק, אויפ'ן גראז־פּלאַץ לעבען ים.

מארגאריטא האט אנגעשפּארט איהר יונג קעפּעל אויף זיין שוים און איז אנשלאפען געווארען — —. ראזי איז געזעסען דא־א און געקוקט צום ים.

ביידע ווייסע, ליעבע קינדער־נשמות האבען זיך געטוליעט צו איהם.

אבער אמתדיג ליעב געהאט האט ער בלויז מארגאריטא'ן, פּונקט ווי זי האט א י ה ם אמת'דיג ליעב געהאט.

וואס איז אזוינס דער „אמת'דיג" ?!

איבער דער אנדערער האט געשוועבט איהר מזל. טיעף אין איהר האט געזונגען „א, מיינע בערג — — —" און פונדעסטוועגען האט זי איהם אזוי הארציג געקושט, און געזאגט: „דו, הערר אלבערט — — —"

אבער, דעם הערר פאן בערגמאן מיט דעם געלען פּעלכען און מיט די קרומע פיסלעך און מיט די גוואלדיג־גרויסע אויערען, — — — איהם האט זי „אמת'דיג" געליעבט!

יעדעס מאל וואס דאס הינטעל פּלעגט זיך אריבערוואקלען, האט זי דערפיהלט א בענקעניש — — זי איז דא־געשטאנען מיט איהרע ווערפלעך צוקער אין דער האנד און זיי געווארפען אין וואסער.

דער יונגערמאן האט געפיהלט די טיעפקייט.

די מוטער האט פשוט געזאגט: „מיט ראזיטא'ן איז שווער אויסצוקומען. מען דארף זעהן, אז זי זאל א סך שלאפען. איך וויל נישט, אז זי זאל זיך אויפרעגען — — —. אויך דאס מוטער־הארץ האט געפיהלט דאס „שוועבענדיגע מזל".

דער יונגערמאן האט מיט ביידען גלייך פארבראכט. ביידען האט ער געקושט. מיט ביידע איז ער געגאנגען האנד־אין־האנד איבער'ן גראז־פּלאץ ביים ים, מיט ביידען האט ער זיך — אין די אווענד־שעה'ן — געשיפט ארויף־און־אראפּ — — —. ביידען האט ער ביים אפּגעזעגענען־זיך, אין הערבסט, געשענקט צוויי גאָל־

דענע בראַשלאַך, אין דער פאָרם פון קוה־בלומעז, מיט דעם איינ־נעקריצטעז וואָרט „ביים ברעג ים“.

צו מאַרגענס האָט ראַזיטאַ געזונגען אין שטאָדט מיט איהר אַלט־שטימע: „אָ, מיינע בערג, מיינע בערג!“

עס איז פ אַ ר ט געוועזן אַ ליעד — — אַ ליעד!

מאַרגאַריטאַ האָט זיך צוגעהערט און געטראַכט: „די דיכ־טעריז, די זינגעריז — — —!“

דאַן האָט זי פּשוט געזאָגט: „ראָזי, דו ביזט עפּעס אזוי־אַ — — —!“

„דאָס פיש־פאַנגען מוז זיין זעהר לאַנגווייליג“, האָט געזאָגט אַ פרייליז, וואָס האָט דאפון אזוי פיעל פאַרשטאַנען ווי ס'רוב פרייליינס.

„ווען סע זאָל זיין לאַנגווייליג, וואָלט איך עס דאָך נישט געטון“. האָט געזאָגט דאָס קינד מיט די ברוינבלאָנדע האָאַר און מיט די פיס פון אַ ווילדען הירש. זי איז געשטאַנען פאַר דעם פרייליין מיט דער פעסטער ערנסטקייט פון אַ פישער. זי האָט אַראָפּגענומען ס'פישעל פונ'ם האָקען און עס אַ וואָרף געטהאָן אויף דר'ערד. דאָס פישעל האָט גענומען שטאַרבען — — —.

דער ים האָט זיך אין ליכט געבאָדען און געגלימצערט. עס האָט געשמעקט מיט ווערבעס, און מיט'ן אָטעם פון צוגעפוילטע זומפּ־גראַזען. פונ'ם האָטעל אַרום האָט זיך געהערט ס'רוישען פון גאָפּעל־לעפעל און טעלער. דאָס פישעל האָט געטאַנצט אויף דר'ערד אַ קורצען אָריגינעלען טאַנץ, ווי די ווילדע פעלקער — — — און געשטאָרבען.

דאָס קינד האָט ווידער אַרויסגעוואָרפען דעם פאַנג־פאָדעם און איז געוועזן פאַרטון אין די אַרבייט, מיט דער שווערער ערנסטקייט פון אַ פישער.

אַ דאַמע, וועלכע איז געזעסען נישט ווייט פונ'ם ברעג, האָט געזאָגט אויף פראַנצויזיש:

„איך וואָלט קיינמאָהל נישט ערלויבט מיין טאָכטער זיך צו פאַרנעהמען מיט אַזאַ גרויזאַמער באַשעפטיגונג“.

# צוועלעת.

דאָס קינד האָט אָראָפּגענומען דאָס פּישעל פון אנגעל, האָט עס, — ווי ס'פריהערדיגע פישעל — א וואָרף געטון צו דר'ערד, נישט ווייט פון דער דאמע.

דאָס פישעל איז געשטאָרבען — — —.

עס האָט אַ שפּרונג געטון אין דער הויך, און איז אנידערגע־פאַלען טויט — — — — אן איינפאכער, שטילער טויט. עס האָט אפילו פארגעסען אַ טאַנץ צו טון. עס האָט גלאָט אזוי אָפּמאַר־שירט — —.

„אה — — —", האָט געזאָגט די דאמע.

און דאָך איז אויפ'ן פּנים פון דעם גרויזאמען ברוינבלאנדער קינד געלעגען עפּעס טיעפס און שעהנס. אַ צוקונפטיגע נשמה — —.

דאָס פּנים אָבער פון דער דאמע איז געווען אָפּגעלעבט און בלאָס.

זי וועט שוין מעהר קיינעם ניט דערפרעהען, קיינעם נישט מעהר דערוואַרימען, אָדער ליכטיג־מאַכען — — —.

דאריבער האָט זי מיטגעפיהלט מיט'ן פישעל.

פארוואָס זאָל עס שטאַרבען, ווען עס האָט נאָך אין זיך לע־בען — — — ? !

און ס'פישעל? עס טוט אַ שפּרונג־ארויף, אַ שפּרונג־אַראָפּ און ס'איז טויט — אן איינפאַכער, שטילער טויט.

דאָס קינד האָט ווידער דעם פאנג־פּאָדים געוואָרפען אין'ם ים — מיט דעם גרויסען, האַרטען ערנסט פון אַ פישער. עס איז אויסטערליש־שעהן מיט זיינע גרויסע, אויסגעגלאָצטע אויגען, די ברוינבלאָנדע האָאָר, און די פיס פון אַ ווילדען הירש.

אפשר וועט עס אַמאָהל באַ'רחמנות'ען דאָס פישעל און זאָגען אויף פראַנצויזיש:

„איך וואָלט קיינמאָהל נישט ערלויבען מיין טאָכטער זיך צו פארנעהמען מיט אַזאַ גרויזאמער באַשעפטיגונג".

אבער אזוינע דינע נשמה־רעגונגען הויבען ערשט אן צו בלי־
הען אויפ'ן קבר פון אלע צעוויסטעטע הלומות, פון אלע געשטאר־
בענע האפענונגען — — —.

דאריבער פאנג ווייטער, דו שעהן פישער־קינד!

ווייל, נישט איבערטראכטענדיג קיין זאך טראגסטו נאך אין
דיר דיין רעכט אויף אלצדינג — — —!

הרג'ע דאס פישעל און פאנג ווייטער!

---

# נ י י נ צ ע ה ן.

זי האט געוואוינט אינ'ם וואונדערשעהנעם האטעל ביים ברעג
ים.

ביינאכט פלעגט זי עסען אינ'ם פאדער־געצעלט, באדעקט מיט
א סך גרינס, וואס האט געגלאנצט אינ'ם עלעקטרישען ליכט.

דער טאג איז געוועזן לאנג — — ביז ביי־נאכט.

זי פלעגט שפעט אויפשטעהן — —.

דערנאכדעם איז זי געזעסען אויף דער שאטינער פראמענאד
אויף א באנק.

נאכ'ן עסען איז זי אוועק צו זיך אין קיהלען צימער.

זייגער פינף, זייגער זעקס פלעגט זי געהן שפאצירען מיט איהרע
עלטערען, מיט איהרע שוועסטער און ברידער. ביינאכט עסט די
גאנצע פאמיליע אין דעם גרויסען פאדער־געצעלט, וועמענס בלעטער
בלישטשען אינ'ם עלעקטרישען ליכט.

דער טאג איז געוועזן לאנג ביז ביינאכט — — —.

פון צייט צו צייט פלעגט קומען צו גאסט א בחור, וואס האט
זיך אין איהר געליעבט — — —.

מיעד און רוהיג האט זי איהם געטון ווידמען איהרע שעה'ן,
וועלכע ער האט דארט פערבראכט צוליעב איהר.

ער האט זי ארויסגעשיפט אויפ'ן וואסער, ער האט זיך געפיהלט
זעהר גליקליך.

זי איז געזעסען אויבענאַן.

ווי אין אַ סאַמעטענעם, אַדער זיידענעם וויג־שטוהל אין אַ רייכער נישט־לופטיגער שטוב ערגעץ אין שטאָדט — איז זי דאָ געזעסען — — —.

זי האָט געטראָגען זעהר אַ שעהן קלייד פון ראָסט־רויטען זייד, מיט אַ ברייטען, געשטיקטען טונקעלגאָלדענעם גאַרטעל, און מיט אַ פלאָרענטינער שטרוי־הוט מיט ווייסע פיאַלקעס און מיט אַ לאַנ־ גען זיידענעם באַנד, וואָס איז געווען פאַרבונדען אונטער'ן געזיכט מיט אַ שלייפעל.

דער ים האָט געחלום'ט אין ווייטע, אָווענד־פאַרבען — — —.

פונ'ם וואַלד אַרויס האָט זיך געטראָגען בלעטער־דופט. דער גרויער ים־שלאָס, און דער ווייסער לאַנד־שלאָס זיינען געשוואומען אין וואַסער־אָטעם.

אויף די וויאָסלעס האָבען אַרונטערגעבלישטשעט וויים־גרינע פערעל — —.

די וויאָסלעס האָבען געזונגען: פרליוק, פרליוק, פרליוק־פרליוק, פרליוק־פרליוק. — — —

אינ'ם טאָג פון איהר אָוועקפאָרען, אין הערבסט, האָט זי דער־ האַלטען אַ בונט בלומען פון זעהר שעהנע טונקלע רויזען.

אויף דעם בוקעט־קאַרטעל איז געשטאַנען:

„צו דעם אידעאַל פון מענשליכער שעהנקייט".

— אַ „גריך".

נאַכט.

זי האָט פון זיך געלאָזט אַראָפּגליטשען די שלאָף־קליידער און איז געשטאַנען פאַר דעם גרויסען שפּיגעל, נאַקעט ווי אַ געדאַנק.

עס איז געווען דאָס „אידעאַל פון מענשליכער שעהנקייט".

אויפ'ן טיש האָבען געשמעקט די רויזען — — —

דאָ האָט אויף אַ מינוט אַפּגעטרעטען פון איהר די מיעדע שווערע לאַנגווייליע און ווי אַ לוסטיגע זיגערין, האָט זיך די האָפ־ נונג אַריינגעלאָכט אין איהר. — —

אז זי איז געזעסען אין דער באהן, און — אין הערבסט — אריינגעפאהרען אינ'ם ווינטער אריין, און זיך געפראסטיגט און גע־לאנגוויילט, האט זי געטראכט: „פעריקלעס, סאפאקלעס, טעמי־סטאקלעס, סאקראטעס — — —"

און זי האט געהאט א טונקעל געפיהל פון דער שעהנער, פאר־נעהענדיגער נשמה פון אלט־גריכען־לאנד. — — —

— — — — — — — — — — — —

# זיעבעצעהן ביז דרייסיג.

איך בין אמאל געקומען צו דער ערשטען פאריקמאכער פון שטאדט וויען.

עס האט געשמעקט פון א־דע־קאלאן, פון פריש־געוואשענע לייווענט־מאנטלען און פון פיינעם ציגארעטענרויך.

פינף־און־דרייסיג קרייצער א שאכטעל.

ביי דער קאסע איז געזעסען א גאנץ יונג מיידעל מיט ליכטיג־בלאנדע זיידענע האאר.

„אה", האב איך געטראכט „א גראף וועט דיך פארפיהרען, דו וואונדערשעהנע — — — !"

זי האט מיך אנגעקוקט מיט א בליק, וואס האט בעטייט:

„ווער דו זאלסט דארטען נישט זיין, דו מאנסביל, איינער פון טויזענדער, איך זאג דיר אז פאר מיר ליגט דאס לעבען, דאס גרויסע לעבען — — — ! ווייסטו דאס?"

איך האב עס געוואוסט.

„אה", האב איך ווייטער געטראכט, „אפשר וועט עס גאר זיין א פירסט — — — מ'קען דען וויסען?"

זי האט חתונה געהאט מיט איינעם וואס האט געהאט א פינ־נערהוט־פאבריק, און וועמענס געשעפט איז אין א יאהר ארום גע־גאנגען קאפוט.

איך האָב זי געטראָפּען אויף דער גאס — מיט אַ קינד.

זי האָט מיך אָנגעקוקט, מיט אַ בליק, וואָס האָט בעטייט: דאָס לעבען ליגט נאָך פונדעסטוועגען אַלץ פאַר מיר — דאָס גרויסע לע־בען. ווייסטו דאָס — — — ? !"

איך האָב עס געוואוסט.

מיינער אַ פריינד איז געלעגען קראנק אויף אַ טיפוס. ער איז געווען אַ בחור, רייך, און האָט געוואוינט אין אַ ווילאַ ביים ים.

אַז איך בין איהם געקומען באַזוכען, האָב איך געטראָפען ווי די יונגע דאַמע מיט די ליכטיגבלאָנדע זיידענע האָאַר, לייגט איהם אייז־קאָמפּרעסען. איהרע פיינע הענט זענען געווען צעפּאַלען פון׳ם אייז־וואַסער. זי האָט מיך אָנגעקוקט: „אָט דאָס איז דאָס לעבען — — ! איך האָב איהם ליעב — — ! ווייל דאָס איז דאָס לעבען — — !"

אַז ער איז געזונט געוואָרען, האָט ער איבערגעלאָזען די ליכטיג־בלאָנדע דאַמע פאַר אַן אַנדערען מאַנסביל — —.

ער האָט פּשוט אָפּגעטרעטען דעם וועג פאַר אַן אַנדערען. גאָר פּשוט — — —

דאָס איז געווען זומער־צייט.

שפּעטער האָט מיין געזונטגעוואָרענעם פריינד אָנגעכאַפּט אַ בענקען — — —

עס איז געווען הערבסט.

זי האָט איהם געהאָלפען געזונט־ווערען, זיך איינגעטוליעט אין איהם מיט איהר קערפּער פון אַ ווילדען הירש — — —.

ער האָט איהר געשריבען: „קום צו מיר — — — !"

איינמאָל, אין אַן אָקטאָבער־נאַכט, האָב איך זי געזעהן אריינ־קומען מיט איהם אין דעם וואונדערשעהנעם הויז־אריינגאַנג, אין וועלכען עס האָבען געבלישטשעט אכט זיילען פון רויטען מאַרמאָר.

איך האָב זי געגריסט.

זי האָט מיך אָנגעקוקט: „דאָס לעבען ליגט ווייט הינטער מיר. דאָס גרויסע לעבען — — — ! ווייסטו דאָס ? !"

איך האָב עס געוואוסט.

איך בין געקומען צום ערשטען פאַבריקמאַכער פון וויען.

עס האָט נאָך אַלץ געשמעקט פון אָ־דע־קאָלאָן, פון פריש־גע־וואַשענע לייוונטמאַנטלען און פון פיינעם ציגאַרעטען רויך — פינף־און־דרייסיג קרייצער אַ שאַכטעל. — —

ביי דער קאַסע איז וויעדער געזעסען אַ יונג מיידעל מיט צעפּ ווי צוויי גאָלד־ברוינע טייכען.

זי האָט מיך אָנגעקוקט מיט דעם גרויסען זיעגער־בליק פון דער יוגענד.

„ווער דו זאָלסט דאָרט נישט זיין, דו מאַנסביל, איינער פון טויזענדער, איך זאָג דיר, אז פאַר מיר ליגט דאָס לעבען — — — דאָס גרויסע לעבען. — — ווייסטו דאָס ? !"

איך האָב עס געוואוסט.

„אַה", האָב איך געטראַכט, „אַ גראַף וועט דיך פאַרפיהרען, און אפשר גאָר אַ פירסט. מ'קען דען וויסען ?"

# די נאַטור.

ביים שפּאַצירענגעהן פלעגט ער טראָגען איהר זשאַקעט, — וואָס איז געוועזן פון העלברוינער זייד פון דרויסען, און פון לילאַ־זייד פון אינווענינג.

דער דופט פון זייד האָט איהם באַרוישט, האָט איהם איינגע־ווינט — — —.

ער האָט איינגעאָטעמט אָט דעם דופט, וואָס איז פון איהר פיינעם, וואַרימען בורשטין־פאַרביגען לייב אריינגעפלאָסען אין דער וויכער זייד — אויסלענדישע מאַרקע: דריי גולדען אַ פלעשעל.

„פאַרוואָס טראָגט איהר דעם זשאַקעט ?" האָט געבּרענט מאַדאַם פאָן ע. „האָט איהר פאַרגעניגען דאַפון ? ! זאָגט מיר!"

„פון העפליכקייט וועגען — —" האָט ער געענטפערט. „עס איז אַ זשאַקעט ווי אַלע אנדערע זשאַקעטען. מ'מוז עס טון — — —"

לעבען דעם קליינעם גאַסט־הויז ביים ברעג־ים, אויף דער לאַנ־
קע מיט׳ן בארען־בוים אין געשטאַנען אַ הוידאַלקע.

„הוידעט מיך — — —" האָט געזאָגט דאָס פריילין.

אַז זי האָט פארביינעשוועבט פאר איהם, האָט ער געהאַט דאָס
געפיהל פון עפּעס אזא־אַ נאָהענטקייט. טיילמאָהל האָט ער אָנגע־
ריהרט איהר קלייד, איינמאָל האָט ער אפילו — — —

„צוליעב וואָס האָט איהר געהוידעט דאָס פריילין?" — האָט
געפרעגט מאַדאַם פאן ע. „דאָס איז קינדיש. אזוינע זאכען זעהט
מען נאָר אין בילדערביכלעך פאר קינדער, פון דערוואַקסענע מענ־
שען האָב איך עס קיינמאָהל נישט געזעהן — — — —"

ער האָט געשוויגען.

„אַ גימנאַזיסטעל" — האָט געטראַכט מאַדאַם פאַן ע.

אַז ער איז געלעגען מיט׳ן פריילין אויבען אויפ׳ן בערגעל, אינ׳ם
קורצען, ווארימען, טרוקענעם גראַז, אין דער פארנאַכטיגער זון, האָט
ער פאַמעליך באַריהרט איהר האַנד. דער ווינד האָט געוועהעט
ווארימליך. אַ פויגעל האָט געמאַכט „היהי, היהי, היהי־אַ — — —"
דערנאָך איז די זון דערטרונקען געוואָרען. דער ווינד האָט געוועהעט
נישט ווארימליך, נאָר קיהל.

— „נו, ווי אזוי איז׳ס צוגעגאַנגען — — — ?" האָט ביי איהם
געפרעגט מאַדאַם פאַן ע.

„אַ, זעהר שעהן — — —. עס איז ווארים און טרוקען. דער־
נאָכדעם פאַלט דער טערמאָמעטער, די אווענדזון פינקעלט זיך אַרי־
בער. דער ים האָט רויט־קופּערנע און פלאַש־גרינע פאַסען; פּלוצים
ווערט ער גרוי ווי בליי. דער טערמאָמעטער פאַלט ווייטער, און
די לאַנקעס הויבען אָן צו שמעקען און פייכט צו ווערען — — —"

„פּאָעט — — —" האָט געזאָגט די מאַדאַם פאַן ע.

דעם אַנדערען אווענד האָט די מאַדאַם פאַן ע. זיך געשיפט
איינע אַליין אין אַ קליין שיפעל — — —.

זי האָט גערודערט זעהר פאַמעליכען און זעהר נאָהענט פונ׳ם
ברעג — — —.

אט האט זיך באוויזען דער טונקעלגרינער פאס פון קאשטענ־בוימער, אויף די גרויע, ציקלאפּישע ברעג־וואסער־מויערען, דאן א קליינע, הילצערנע ווילא, אין וועלכער עס איז געלעגען א שטאר־בענדיגער דיכטער, דאן א גרויסע שטיינמויער מיט האנדגעהא־מערטע קאנדעלאברעס, אין וועלכער עס איז געלעגען א שטארבענ־דיגע הייראט און צוויי שעהנע קינדער, דאן איז געקומען דער גאר־טען פון דער הערצאגין, וועלכע האט פארלוירען א זוהן, וואס זי האט קיינמאל נישט געהאט. אט דא־א הענגען שווארצע הענגלעך האזעל־נוס אין וואסער. דאן זענען געקומען לאנקעס מיט זומפּ־גראזען און מיט גאלדענע לייבען־צאהן־בלומען. דערנאך איז גע־קומען טראסטניק, מיט העלברוינע פעדער־בערשטלעך, וואס האב־בען לייכט געראשעלט אינ'ם ווינד. דער שעהן־דיכטער וואלט גע־זאגט: „די גראזען האבען זיך דערצעהלט וואונדערליכע געשיכטען, וואונדערליכע געשיכטען — — —“

דערנאכדעם האבען זיך באוויזען די לאנקעס, וועלכע זענען געלעגען אזוי שטיל — — —“

די מאדאם פאן ע. איז געזעסען אביסעל איינגעבויגען, אין איהר קליין שיפעל, און האט געטון געניסען פון דעם אוועגד־פריעדען — — —.

## פּ. א. און ט. ק.

פּ. א. האט זיך אנגעשפארט אין א געלען, בלישטשענדיגען מארמאל־זייל פונ'ם קליינעם טאנצזאאל און האט בעטראכט די יונגע מיידלעך.

ער האט געטראכט: „וואס פאר א געמאכטע לוסטיקייט — —“ זוי קען א מיידעל זיין לוסטיג, זיך אמוזירען, אז זי איז נישט דורכ־אויס־שעהן. אהן א שום פעהלער — — — ? ! ווי אזוי קען זי פרעהליך זיין, אז זי פיהלט נישט „אה, איך געפעל, איך בין זעהר

שעהן, איך בין א קליינער מיטעלפונקט, איך האב מיר מיין קרייז ווי א פרינצעסין — — — ?"

„הערר פאן ס., ביטע, ווער איז אט־די יונגע דאמע?" האט ער געזאגט.

„טהערעזא ק. — — זאלע איך זי פארשטעלען? !"

„א דאנק! — — —"

שפעטער האב איך זי געזעהן זיצען אין א ווינקעל לעבען די פאמעראנצענביימלעך. זי האט געהאט איהר קרייז ווי א פרינצעסין.

אז זי האט געטאנצט דעם „סיר־ראדזשער־טאנץ", האט ער זיך ווידער אנגעשפארט אן א געלען, בלישטשענדיגען מארמאר־זייל.

ער האט געטראכט: „וואס פאר א געמאכטע לוסטיקייט — —" און פונדעסטוועגען איז זי געוועזן שעהן — כמעט דורכאויס־שעהן אהן א שום פעהלער — — — —

ער האט געטראכט: „טערעזא ק., מיט דיין מיעדער גראציע, און אט־א־דער־א „צירק־פרעכהייט" פון סיר־ראדזשער. — טהערעזא ק.!"

פלוצים האט זי זיך אויסגעגליטשט. אנידערגעפאלען — — —

איהר ליעב, וואונדערבארע געזיכט האט אנגענומען דעם פאר־יסורים'טען שטעמפעל פון די מאדאנען. עס האט זיך געדאכט, ווי זי זאגט: „א, איך פאס מיך נישט אהער, איך וויים עס — —. אבער וואוהין פאס איך מיך דען יא, כ'בעט אייך? ! אפשר פארט בין איך געשאפען געווארען פאר'ן פערגעניגען און איך וויים מיך נאר נישט ווי אזוי צו האלטען — — —"

באלד האט זי ווידער געשמייכעלט, האט געגעבען א פליה־צו, האט זיך א בויג־געטון אויף דעם קניע, א פאטש־געטון אין די הענט, פרעהליך און דערהיצט — — —. איהר פנים האט פייכט געגלאנצט, אבער עס איז געוועזן בלאס ווי פריהער — — —.

פ. א. האט זיך אנגעשפארט אן דעם געלען, בלישטשענדיגען מארמאר־זייל: „מיט דיר, פיינע, וואונדערבארע, אין א ווארימער, היימישער שטוב צו זיצען און רעדען פון די נישט־אויסגעפיהרט־

קיטעט פון לעבען, פון דעם זומער, פונ'ם הערבסט, פון קינדער־נשמות און פון דיכטער־נשמות — — ! צו זאָגען אין שטילער, ווייך־ערעלער באַגייסטערונג: איך האָב ליעב די יאַפּאַנישע קונסט און די יאַפּאַנישע פייגעל, בלומען, פארבען, איך האָב ליעב די ברוינע וועלדער אין אָקטאָבער, די כריסטליכע באַגייסטערונג פון גראף טאָלסטאָי און די מוזיק־געזאַנגען פון פּאַרסיפאַל — — — ! אבער אָט שטעהסטו דאָ, אין דער צירק־פּרעכהייט פון דעם סיר־ראָזשער־טאַנץ — — !"

ער האָט זיך נישט־באַוועגליך אַנגעלעהנט אַן דעם געלען, בלישטשענדען מאַרמאָר־זייל, ביז דער באַל איז געווען געענדיגט. און די עלעקטרישע גרוים־ליכט האָבען זיך אויסגעלאָשען.

צוויי יאָהר דורכאַנאַנד האָט ער געזאָגט: „מיין אידעאַל איז טהערעזאַ ק. — — !"

זי האָט זיך דערוואוסט דאָפון.

„פאַרוואָס לאָזט ער זיך נישט פאָרשטעלען ? ! שרעקט ער זיך פאַר מיר ?"

אויפ'ן דריטען יאָהר, אין זומערצייט, אויף דעם בלאָה־גרויען ים, אונטער דעם ווייסען, זונהייסען לייוועגט־דאַך פונ'ם סאַלאָן־דאַמפער, האָט מען איהם פאַרגעשטעלט פאַר איהר.

„פּ. אַ. — טערעזאַ ק.!"

זיי האָבען גערעדט איינס מיט ס'אַנדערע.

זי האָט געזאָגט: „איך האָב נישט ליעב דעם ים. איך האָב ליעב טענים־שפּיעל — — —. איך קען עס שפּיעלען שעה'ן דורכ־אַנאַנד, טעג דורכאַנאַנד — — —"

ער האָט געענטפערט: „איך האָב נישט ליעב קיין טענים־שפּיעל. איך האָב ליעב דעם ים. — — איך קען שטעהן שעה'ן דורכאַנאַנד און איהם באַטראַכטען, טעג דורכאַנאַנד — — —"

„אויב אזוי, זענען מיר אַ פּאָאַר" האָט זי געזאָגט מיט אַ שמייכעל, „מיר דערגאַנצען זיך איינס ס'אַנדערע — —"

איינמאָל ביינאַכט איז ער געזעסען ביי איהר, אין איהר צימער.

אין דרויסען האט גערעגענט, און דער ים האט זיך געווארפען צום ברעג.

ער האט גערעדט פון די נישט־אויסגעפיהרטקייטען פונ'ם לע־בען, פון דעם זומער, פונ'ם הערבסט, פון קינדער־נשמות און פון דיכטער נשמות — — —. ער האט גערעדט פון יאפאנישע קונסט, פון ברוינע אקטאבער וועלדער און פון די מוזיק־געדאנקען פון פארסיפאל.

זי האט געטראכט: „מיר דערגאנצען זיך איינס ס'אנדערע. איך דענק גארנישט, און דו דענקסט אלצדינג — — —"

אין דרויסען האט גערעגענט און דער ים האט זיך געווארפען צום ברעג — — —.

זי איז געזעסען ביי איהר קליין טישעל און אנגעשפארט דעם קאפ אויף די הענט.

וואס איז זי אזוינס? וואס — — — ? ! זי האט ליעב צו שפיעלען טענים און צו טאנצען דעם סיר־ראדזשער־טאנץ. אין איהר איז פאראן א בענקען נאך ריטמיש־מעכאנישער באוועגונג, וועלכע טרייבט ס'בלוט צו הער אויבערפלאך און גיט פארב צום פנים, און ברענגט די נערוועז אין א אין דרויסענדיגער באוויי־שונג.

פון צייט צו צייט האט זי גע'חלומ'ט: „א, א שווארצזיידען, רונד־אויסגעשניטען קלייד, מיט נאקעטע פלייצעס און א בריי־טען, ריעזיג־ברייטען גארטעל צונויפגעשטעלט פון שורות מילכ־בלאהע, דורכזיכטיגע גלאזפערעל — — — ! אדער א העליאט־ראפ־זיידען קלייד מיט א גארטעל פון וואקספערעל, אדער א וויים־בלאה קלייד מיט בראנזפערעל, אדער גאר א שנעעווייס קלייד מיט גראנאט־רויטע פערעל!"

דאס זענען געווען איהרע „טרוים־פאנטאזיען" — — — —

אפט האט זי געטראכט: „בין איך שעהן? אדער נישקשה'דיג שעהן — — ? אט־די־אלע מענער זאגען ליגען! זיי וואלטען עס געקענט זאגען אזוי, אז עס זאל נישט בלייבען קיין שום ספק. זיי וואלטען עס געקענט זאגען אהן ווערטער. אבער זיי פלוישען

עס דיר אַריין אין אויער מיט אַ פאַלש־ליעבליך, ציטערדיג קול:
„אַך, פרייליין — — —"

איינמאָל איז זי געגאַנגען שפּאַצירען מיט אַט דעם יונגענמאַן דאָ, וועלכען מיר האָבען ערשט דערמאָנט. עס איז געווען אַ קיהד לער אָוונד, אַ פאַרנעבעלטער.

„עמיצער וועט זיך פאַרקיהלען!" האָט זי געזאָגט, און אַרומד געבונדען איהר ווייס־זיידען טיכעל אַרום זיין האַלז.

„איהר זענט אַזאַ גוטע, אַזאַ געטרייע", האָט געזאָגט דער יונ־ גערמאַן, וועלכער האָט געפיהלט די ליעב־וואַרימע האַנד פאַר־ בייגלעטען אַרום זיין האַלז־געגענד.

„דאָס איז דאָך דאָס קליגסטע וואָס מיר מוזען טון פאַר די, וועלכע זענען אונז נאָהענט. אַז איהר וועט קראַנק ווערען און שטאַרבען, וועט איהר מיר נישט קענען מאַכען קיין קאָמפּלימענ־ טען", האָט זי געזאָגט מיט אַ שמייכעל.

אָבער זי האָט באַלד צוגעגעבען: „זעהט איהר, אַט אַזאַ מענש בין איך שוין — — ! ניין, איך האָב'ס בלויז געזאָגט אין אַ שפּאַס — און אַ נאַרישער שפּאַס. עס איז נישט פיין פון מיין זייט — — —. כ'בעט אייך, ענטשולדיגט מיר!"

איהר לעבען איז פאַרבייגעגאַנגען לעבען איהר, אַט־דאָס לעבען וואָס האָט צעריסען די נשמה אין קליינע שטיקער און זי פאַנאַנדער־ געוואָרפען, אַנשטאַט אַלדאָס־גוטע און עדעלע צענויפצעהאַלטען פאַר — — — פאַר וואָס? דאָס האָט זי נישט געוואוסט.

זי איז געזעסען און נאַכגעטראַכט — — —.

ער אָבער האָט אַוועק־געקוקט אין זיין נשמה האָט געדיכטעט:
„פאַרלוירענע טערעזאַ — — — פאַרפלאָנטעטע טערעזאַ — —"

ווי אין אַ קינסטלער־פאַרם האָט אַ וועלט אין איהם געברענט, — אַ וועלט פול מיט ליעבשאַפט, מיט בעגייסטערונג, געצונדען און גענעהרט פונ'ם אייגענעם פייער — — —.

און וואָס איז זי אַזוינס?

זיין אייגענס, זיין צופיעל־קייט ארויסגעשטעלט אין דער דרוי־ סענדיגער וועלט, אין אַן אַ נ ד ע ר בעשעפעניש, זיין אייגען מעהר־

לעבען, וואס האט זיך אפגעבונדען פון איהם און פון זיין רענקען־לאסט און האט זיך איצט געריסען צו די ווייטע שטערען, אין דער ריינסטער קראפט — — —

אבער זי? — זי איז דא געזעסען מיט די עלענבויגענס אנגעשפארט אן דער פלאך פונ'ם טיש, דעם ערדלען, ווייסען שטערען אין די הענט און ארויסגעהארכט אין דער ווייטער וועלט אריין — —

און ווי זי איז דא אזוי געזעסען און ארויסגעהארכט אין דער ליידיגער וועלט אריין, נישט זוכענדיג, נישט בעריהרענדיג — — — איצט האט ער זי פארשטאנען.

דאס איז די גרויסע לעבענס־נויט, דאס אנקלאמערען־זיך צום לעבען. — —

אבער דא איז איהם געווארען צו דערקענטניש: „נישט דאס וואס איהר זענט, זענט איהר! אבער דאס וואס מיר דיכטען, דיכטעט איהר אין אונז! און אויף אזא אופן זענט איהר אונזערע דיכטער, און אונזער דיכטונג, דער זינגער און אויך דאס ליעד!

טערעזא ק., פרעמד בלייבסטו מיר און ווייט — — — און דאך מיין ליעד!

נישט דאס וואס איהר זענט, זענט איהר — — —! אין אונז אליין פייערט איהר שטענדיג אייער הייליגען יומטוב פון ווידער־דערוואכונג!

פון אונזערע איינזאמע פייערען שטייגט איהר ארויף!
אין אונזערע נשמות ווערט איהר געבוירען!
אזוי האט ער געטראכט — — —.

דא האט זי זיך ארומגעקוקט, ווייל ס'איז געווארען אזוי שטיל און זי האט דערזעהן — א מענשען!

שטיל, שטיל האט זי דערפיהלט די גאט־קראפט, וועלכע האט ארויסגעשטראמט פון איהר לעבען אין טויזענד ווייסע שטראהלען און וועלכע האט אויף א מיסטעריעזען אופן איז איהם באשאפען דעם „גאט־מענש" — לאז זיין כאטש אויף א רגע — — —

און דא האט זי עמפונדען: „נישט דאס וואס איהר זענט, זענט איהר!

דורך אונז אַליין פּייערט איהר שטענדיג אייער הייליגען יומטוב פון וויעדערדערוואַכונג!"

זי איז איצט געזעסען גלייך, איהר שעהנעם, עדעלען קאָפּ אין דער הויך און זי האָט אויסגעשטרעקט איהר אונטער־אָרעמס אויף דער טיש־פּלאַך און אויסגעשפּרייט איהרע שנעעווייסע פינגער און האָט געשמייכעלט — — —.

זי איז ווייב־קעניגין געוואָרען!

אין דרויסען האָט גערעגענט, און דער ים האָט זיך געוואָרפען צום ברעג — — —.

---

## פינעף-און-צוואַנציג.

יערען נאַכמיטאָג, זייגער 5, האָט זי זיך באַוויזען אויפ'ן גראַז־פּלאַץ לעבען ים.

די מוזיק האָט געשפּיעלט אין אַ געלען, הילצערנעם פּאַוויליאָן און די דאַמען האָבען געטראָגען וואונדערשעהנע קליידער און היט.

ביי די מייסטע טישען אויף דעם פּלאַכלאַנד וואָס האָט זיך ארויסגעהויבען פונ'ם ים האָט עס געבלישטשעט ווייס און גרין. אָדער ווייס און לילאַ. דאָס זענען געווען די מאָדעפאַרבען. אָבער אויף אַט־דער וויטער פּלאַך פון פיינע קליידער־שטאָפען, האָבען אויך ארויסגעגלאַנצט געלע, פראַנצויזישע דאַמענהיט, פראַנצויזישע בלומען. סאַווע־און־שטרוים־פּעדערן, אויך רויזרויטע און שטאָהל־בלאָהע זיידענע פלעקען און אויך העלברוינע פלעקען פון רייהער זייד, די פאַרב פון קאַווע־מיט־מילך, מיט מאַטע טאָטלענדישע בענדער. — —

די יונגע פרוי וואָס האָט זיך טאַגטעגליך באַוויזען אויפ'ן גראָז פּלאַץ לעבען ים, זייגער 5, איז געווען אויסטערליש־שעהן, און האָט געטראָגען זעלטען־שעהנע קליידער. צומביישפּיעל: אַ קלייד פון ברוינרויזרויטע זייד, מיט ווייסע און העלגרינע שטיקערייען. אָבער

איהר שעהנסטע צירונג איז געווען דאס קינד — קאטיא — וואס איז געגאנגען לעבען איהר זייט, מיט'ן קינדערמיידעל.

אט דאס איז שעהנקייט, גראציע, פיינע פרעהליכקייט און זוּיים־לויכטענדיג ליכט וואס באכישופ'ט. אט דאס איז חער מענש ווי די אידעאלע, חלום'דיגע נאטור טראכט איהם אוים. דאס איז די דיכטונג פון דער אלטער מוטער ערד — — —.

רייכע, עלעגאנטע הערען זיצען לעבען דער יונגער דאמע — —. אבער קיינמאל נישט צ ו ו י י הערען מיט אמאהל. צום־ביישפיעל, צו ערשט קומט דער הערר גראף ט. און שפעטער אבי־סעל דער הערר פאן א. און נאך שפעטער דער באראן — — אדער אין א פארקעהרטער ארדנונג. עס געהט נישט נאך דער רייה.

א טייל גיבען בלויז א קוק אויף איהר, און גריסען נישט, נאר זיי שמייכלען. אנדערע גריסען מיט אט־אזא מינע: „איך גריס דיך! עה, פארוואס דען נישט? מען איז דאך עפעס אין א קור־ארט — איז מען דאך. דער וועלט'ס ראנדעוואו!“

קאטיא פלעגט זיך אזוי זיצען מיט איהרע גאלדענע האאר און וואונדערבארע ווייסע אויגען — — — —. קיינער האט זיך נישט געקימערט וועגען איהר.

די פרוי מאמא, די שעהנע פרוי מאמא, האט אנגעלעהנט די עלענבויגענס אויפ'ן טיש און האט געקוקט אויף די ביימער מיט די ברייטע בלעטער, אויף דעם ווייטען ים. און אין די אויגען פון דעם הערר — — —

זייגער זיעבען האט מען קאטיא'ן געשיקט שלאפען.

זי האט געזאגט אזוי חן'עוודיג: „אדיע, מאמי — — —“

די יונגע „מאמי“ האט נישט געענטפערט. — — — זי האט אנגעלעהנט די עלענבויגענס אויפן' טיש, און האט געקוקט אויף די ביימער מיט די ברייטע בלעטער, אויף דעם ווייטען ים, — אין די אויגען פון דעם הערר — — —.

דער גראזפלאץ לעבען ים איז געווארען טונקעל. די וואונדער־שעהנע דאמע איז פאמעליכען פערביינעגאנגען די אלעע. — — —

קיינער האט זיך נישט געקימערט וועגען איהר. ביז איצט — פרינצעסין פונ'ם לעבען, און איצט, ווען עס קומט דער אווענד — איינזאם — — —! און ביינאכט פיליכט וויעדער פרינצעסין, קעניגין, געטין — — —

אווענד־גרויהונג. פריעדען. — —

מאטע־מאמעס זיצען אויף די בענק אביסעל אפגעמאטערט פון די „אויספאהרען" אויפ'ן לאנד; קינדער טראכטען ערנסט פון דעם נאכטמאהל און יונגע מענשען וועלכע האבען זיך ליעב, פיהרען שטילע שמועסען, און פיהלען זיך געוואלדיג גליקליך — — —. זיי פיהלען: „די דאזיגע שעה פון מיין לעבען וועל איך קיינמאהל נישט פארגעסען — —" שטענדיג האבען זיי אזוינע מערקווירדיגע שעה'ן, די יונגע מענשען וואס האבען זיך ליעב.

די יונגע מיידלאך טראכטען: „אפשר וועט עס זיין אט־אזוי: — — — איך וועל אמאהל א זאג טון צו איהם: געדענקסטו, ווי מיר זענען דעמאלט ביינאכט געזעסען אויפ'ן גראזפלאץ לעבען ים?! איך האב דעמאלט געזאגט: פונקט ווי די פאליעס פונ'ם ים ווערען פארלוירען און קומען צוריק, אזוי איז אויך — —" און דו האסט געזאגט: „אזוי איז אויך דאס מענשליכע לעבען" — אין יענעם מאמענט ביזטו געווען א דיכטער!"

און דערנאכדעם קומט די מוטער פון אט־דעם ארימען באשעפעניש, וואס שטעהט אויף דעם וועכטער־טורעם פון איהר נשמה און זי זאגט: „עלא" אדער „מאריאן" אדער „ריקעטא" „איך דענק סע ווערט קיהל". אדער: „ס'איז שפעט. כ'דענק מיר'ן געהן אהיים — — —"

און די יונגע בחורים זאגען: „אויף ווידערזעהען, פרייליין. קומט איהר מארגען אין דער פריה אויפ'ן גראזפלאץ לעבען ים?!"

און די יונגע פרייליינס ענטפערען: „אפשר. מען קען נישט וויסען — — —"

די פרייליינס זאגען שטענדיג „אפשר", ווי וואו־ל זיי מיינען „זיכער!"

דער גראזפלאץ ווערט ליידיג.
א יונגע, וואונדערשעהנע דאמע זעצט זיך אויף א באנק.
דער ים זינגט א ליעד וואס וויעגט איין — —.
און איהר מיעדע, שטאלצע נשמה זינגט־מיט דעם איינציגען ליעבעס־קלאנג, וואס עס איז איהר באקאנט: „אריע, מאמא — —“

---

# פינעף-און-דרייסיג.

א געלברוינע שטרויהוט מיט פיאלקעס און פיאלקע־בלעטער אויף לאנגע, דינע, גרינע שטאמען. דאס קלייד פון נאטור־זייד, מיט א ברייטען, ליכטיגברוינעם, סאמעטענעם גארטעל. דאס הענטעל פון איהר פאראסאל איז פון בארג־קרישטאל — אקטעדער — און דער פאראסאל־שטעקען איז פון ברוינעם צוקער־האלץ. פלאקסבלאנדע האאר. שנידשיף פון רויטע הירשענלעדער. דאס פינפצעהניעהריגע טעכטערל האט ברוינגרויטע האאר, ברוינע אויגען און וואונדערבארע הענט.

דער מאן שיפט זיך מיט דער פינפצעהזיעהריגער טאכטער אויפ׳ן ים.

די דאמע מיט די פלאקסבלאנדע האאר בלייבט דא אליין.
זי לעהנט אן דעם קאפ אויף דער האנד און קוקט זיך ארוים די אויגען אויף דער ווייטער וואסערפלאך. — — —
זי פיהלט, אז איך קוק אויף איהר מיט באוואונדערונג. — —
און פלוצים ווערט זי ארויסגעשטויסען פון די גרעניצען פון שעהנעם פאמיליען־לעבען, אינ׳ם ים פונ׳ם גרויסען לעבען, מיט זיינע גרויסע מיסטעריען — — — !

„איך בין ווי די נאטור!“ פיהלט זי „דער ים, דער וואלד, די געל־געפלעקטע לאנקע און איך! — —“

עפעס וועט ווערען פון אט־דעם מאן! — — ער קריגט פליגעל און פליהט פון דער וועלט ארוים — — — ! אבער ער וועט מיט־נעהמען דעם ווייטען ים, דעם טונקלען וואלד, די שמעקעדיגע לאנ־

קע און אונז — — א ו נ ז ! מיר ווערען א טייל פון זיין נשמה און מיר פליהען־מיט אין דער הויכקייט, אין דער ווייטקייט — —"

דער מאַן און דאָס טעכטערל זענען צוריקגעקומען.

די דאַמע האָט ארויפגעלייגט אויף דעם קינד'ס אקסלען א ווייסע שאַל, און געמאַכט א קניפּ פון אונטען.

„דו ביזט דערהיצט פונ'ם שיפען־זיך" האָט זי געזאָגט.

דערנאָכדעם האָט זי אַרויפגעלייגט איהר האנד אויף דעם ארעם פון איהר מאַן און געזאָגט אין שפּאַס: „דו אַלטער מאַטראָז — — !"

דאַן האָט זי מיך אַנגעקוקט: „דו האָסט מיך מיטגענומען אויף דיין לופטוואנדערונג, דו יונגער מאַטראָז — איך דאַנק דיר".

מיין גוטער, עדעלער מאַן, מיין ליעב טעכטערל — — — !

איך האָב אַליין אויך פליגעל באַקומען — — — ! אָבער ווייט ווייטער פליהען, דו שווער־פיסיגער הימעל־פליהער — — !"

אַז זי האָט שוין געהאַט פארלאַזען דעם ברעג ים, געאַרעמט מיט איהר מאַן און דאָס טעכטערל ביי דער האנד, האָט זי זיך פּלוצים אומגעקעהרט — — —.

איך האָב געפיהלט ווי זי בעט זיך: „נעהם מיך נאָך אַמאָהל מיט, דו יונגער מאַטראָז — — — !

און איך האָב זי מיטגענומען, מיט דעם וואָס איך האָב איהר מיט־געגעבען א בליק פול מיט פריינדשאַפט און באַוואונדערונג — — —.

---

# אַ ראָמאַן אויפ'ן דאָרף.

זשארזש דער וואונדערשעהנער גארטעניונג, ביי דעם מאַן וואָס האַנדעלט מיט גארטענווארג, איז פארליעבט אין דער פרוי ב.. פון דער ווילאַ ר.. מיט דעם פּאַרק פון לינדענבוימער.

שוין פיער יאָהר אז ער האַלט זיך אויף דעם פּלאַץ, וואָס איז קעגען־איבער י ע נ ע ם.

אין־דער־פריה, פּאַרנאַכט, ביינאַכט, קומען די ווינטען מיט לינדענדופט.

דאס ארט איז שלעכט, דאס עסען איז שלעכט, דער באלעבאס איז שלעכט — — —.

זשארזש שלאפט אין גלעזערנעם פלאנצענהויז. ארום־און־ארום איז אפען. און סע שמעקט זעהר גוט.

ביינאכט — —

פערדאמט! זיין באלעבאסטע קען נישט שלאפען, און אין גלעזערנעם פלאנצענהויז בליהט, אטעמט די יוגענד — — —.

ער האט נאר איין־איינציגען געדאנק: „פרינצעסין פון לינדענבוימער" און „ווען?" און „וואו?" — — ?

דא ריהרט זיך די טהיר פונ'ם גלעזערנעם פלאנצענהויז — — —

פערדאמט! די באלעבאסטע!

זי אבער די פרינצעסין פון לינדענפארק, איילט איהם שטענדיג אנטקעגען — אויפ'ן וועג פון ענטוישונג, פון ווייזהייט, פון צייט. — — — „זי האט מיר געגעבען ציגארעטען" האט ער אמאהל געזאגט „איך האב איהר די האנד געקושט — — —"

דאן בליקט ער ווידער ארויס פונ'ם „קעלער פון לעבען" און זעהט דעם ווייטען, אהן־א־סוף'יגען וועג — — —.

פערדאמט! די באלעבאסטע קען נישט שלאפען און אין גלעזערנעם פלאנצענהויז בליהט, אטעמט די יוגענד — — —.

אבער די פרוי ב. פון דער ווילא ר. שלאפט, אהן אויפהער.

עס נעהמט גאר קיין סוף נישט.

פערדאמט!

מארגען, פארנאכט, קומען די ווינטען ווידער צוגעהן מיט לינדענדופט — — —.

לינדענדופט!



# אסאראָוו און מאַדאַם אָיאַסוקי.

איך בין געזעסען אין דעם קליינעם ליעבען קאפע־הויז.

איך האָב געהערט ווי צוויי מענער האָבען שטיל גערעדט צווי־שען זיך:

„אַ שוואַך קינד“ — האָט געזאָגט איינער אויף פראנצויזיש.

„אַדיע!“ האָט געזאָגט דער אנדערער „דו קענסט מיך מעהר נישט פאַרשטעהן. — — קיינער קען מיך מעהר נישט פאַרשטעהן“

דער פריינד האָט איהם אָנגעקוקט. „אַ שוואַך קינד“.

איך בין געזעסען אין אַן אַנדער קאפע הויז.

די מאַדאַם אָיאַסוקי האָט געטרונקען טעע מיט רום. אסאראוו איז דאָ געזעסען — — — ס'קינד! „און איצט, אַז דער שטורם איז שוין אַריבער, ליעבט איהר מאַן נישט א נ ד ע ר ש? איך מיין לויט דעם „ציעל פון די וואונשען“?! איז עס דען נישט געווען דער שטורם, דער קאמף, וואָס האָט געגעבען וואַרימקייט צו אייערע וואונשען, גרויסקייט? פאַרדאַן — — —“

זי האָט אויסגעטרונקען די שאָל טעע און געפיהלט: ער ליעבט מיך — — —!

זי האָט דאָס געפיהלט ווי עפּעס וואָס איז זעלבסטפערשטענדליך. אַן אנגענעהם, בכבוד'יג געפיהל — —

„ניין“ האָט זי געזאָגט, „די רוהיגע זיכערע ליעבע איז די — ליעבע. מען הערט־אויף צו פיהלען, צו דענקען. עס איז ווי דאָס לעבען — אַ טייל־פון־דיר, דו אַליין — — —. פּונקט ווי מען פיהלט נישט, אַז מען האָט אַ האַרץ, און עס קלאַפּט פונדעסטוועגען פאָרט און עס דערהאַלט אונז ביים לעבען — — — מען דאַרף זיך נישט צו זאָרגען: עס איז דאָ!“

ער האָט געזאָגט: „איהר זענט אַ קלוגע און אַ גוטהאַרציגע. מען מוז אייך ליעב האָבען“.

איך האָב אָנגעקוקט די דאַמע: „וואָס וועט דאָ ווערען — — ?!“

זי האָט עס געפיהלט — — —.

„וואס וועסטו פון מיט'ן „קינד" האב איך געפרעגט, דו וואונ־
דערליעבליכע! — — דער'הרג'ע איהם — — — !"

זי האט געזאגט: „איך מוז געהן — — — געשעפטען!"

„דער'הרג'ע איהם!" — האב איך צו'ן איהר געזאגט אהן
ווערטער.

זי איז געשטאנען אין איהר גאנצער בריינער שעהנקייט.
„דער'הרג'ע איהם!"

דא האט זי זיך אנגערופען: „הערר אסאראוו, ביטע — — —"
און זי האט איהם דערלאנגט די האנד.

ער האט איהר נאכגעקוקט — — —.

איך האב געטראכט פון יענעם הערר וואס האט געזאגט „א
שוואך קינד". איך האב פערשטאנען.

פרויען זענען נישט אזוי געאיבט ווי די שוחטים, א ציה מיט'ן
מעסער אהין־און־אהער איבער'ן קאלב'ס האלז און פארטיג. — — —
שמיל. — — פארטיג.

די פרויען אבער — — —

זיי געהען געשעפטען פערזארגען, ווארפען אוועק ס'מעסער,
דערלאנגען די האנד, געהען אוועק ווי אין חלום — — — — — —
לאנגזאם זאלסטו פארבלוטיגען. — — !

„א שוואך קינד!"

---

## שפעט זומער-נאכמיטאג.

„איך קען בלויז צוציהען, אבער נישט צו־בינדען — — —"
האט זי געזאגט.

זי האט מיך אנגעקוקט, ווי איינער רעדט: „וואלסט געוואלט
פעלער, א ברוינעם שטרויהוט מיט ווייסע נעלקען־בלומען — — —.

„דא אויבען איז א שעהנער וואלדוועג — — —" האט ער גע־
זאגט „ארום־און־ארום קליינע פעלדער מיט שטעכערס און לילא־

בלומען און בעריאַזעס. מען נעהט גלייך־ארויף און אונטען צע־שטויסט דער פלוס זיך אליין — — אויף ווייסען שוים — — —.

זי האָט מיך אַנגעקוקט, ווי איינער רעדט: „וואָלסט געוואָלט מיט מיר דאָרטען זיין, און איינאַטעמען דעם דופט פון מיין קלייד — — —?"

אָבער זיי זענען נישט געגאַנגען דעם גלייכען וועג „גלייך־ארויף" מיט די קליינע בערגלאַך פון שטעכערס, לילאַ־בלומען און בעריאַזעס, נאָר זיי האָבען געטרונקען קאַווע — ווי דער שטיינער איז פון הויכגעשטעלטע מענשען — אויף דער פייכטער לאַנקע, ביי אַ רויטברוינעם טיש און דערנאָכדעם האָבען זיי זיך פארנומען מיט באַל־שפּיעל.

די האָאר פון דעם יונגען מיידעל זענען געוועזען פייכט, און פיינע לאָקען־רינגלעך האָבען געציטערט ביי די שלויפען.

זי איז געווען זעהר שעהן — — —.

עס האָט אָנגעהויבען צו רעגענען — — —.

די נישט־געקאָסעטע לאַנקעס האָבען די לופט שיכור געמאַכט. די ברוינע שטעגען האָבען אָנגעהויבען צו גלאַנצען ווי דער קיט וואָס די גלעזערס נוצען. די קיזעלשטיינדלאַך אויף די גאַסען זענען געווען ריין אויסגעוואַשען, און וויינעדיגע ווערבען האָבען געציטערט און געטרונקען רעגען — — —.

זי האָט געטראָגען אין האַנד דעם שעהנעם שטרויהוט מיט די ווייסע נעלקען־בלומען, און ער האָט געהאַלטען דעם שירם איבער איהרע ברוינע האָאַר, ווי אַ גוטע, געטרייע מאַמע — — —.

דאַן זענען זיי אַוועק אין קלאַווירצימער פון'ם קאַסינאָ.

אַ פליכיגער, טונקלער פּלאַץ, וואָס שמעקט ווי אַ קעלער — —.

דער ברודער פון'ם מיידעל האָט געשפּיעלט שאָפּען, „עטיוד אַס דור".

עס האָט דערמאָנט אָז די פאַליעס פון'ם ים, וואָס זינגען, גליטשען זיך אַראָפּ און ווערען צערונען — — —.

עס איז אין גאַנצען טונקעל געוואָרען.

אין דרויסען ביים פענסטער האָבען זיך די קאַשטאַנבוימער

פערנייגט פאר די קלעפּ פונ'ם ווינד, און דער שטורם האָט געמאכט: ששש. ששש. ששש. — — ערגעץ אין דער ווייטקייט האָט געפלימערט א לאָמטערן — — —.

אינוועניג האָט דעראָס־הור־עטיוד זיך ארומגעגליטשט, האָט זיך אויסגעהויכט אויף די מענשליכע הערצער און צערונען געוואָרען — — —

דער הערר און די דאמע האָבען גערויכערט — — —.

מען האָט נאָר געזעהן די גליהענדיגע שפּיצען פון די ציגאַראטען — —.

ער איז געזעסען זעהר נאָהענט לעבען איהר און שטיל געציטערט — — —.

„לאָמיר טאנצען!" — האָט זי געזאָגט.

אין דרויסען האָבען זיך די קאשטענבוימער פארנייגט פאר די קלעפּ פונ'ם ווינד. די ציגארעטען האָבען געלויכטען אויפ'ן גע־זימס פונ'ם פענסטער. דער ברודער האָט געשפּיעלט און די צוויי האָבען לאַנגזאַם געטאַנצט אין דער טונקעלניש, לאַנגזאַם און שטיל זיך אוועקגעטאַנצט — — —.

שפּעטער האָט זי געפרעגט: „ווי אזוי הייסט דער עטיוד, וואָס דו האָסט דאָ פריהער געשפּיעלט — — —?!"

„שאָפּען, אס־דור — —" האָט געענטפערט חער קלאווירשפּיע־לער. דערנאָכדעם האָט ער צוגעגעבען:

„ראָבערט שוהמאַן האַלט אַז דאָס איז אַ וואונדערבארע זאַך. ווארום פרעגסטו?"

דער יונגערמאַן אָבער איז געווען ווי אין אַן אַנדערער וועלט —. ער האָט אויך געפיהלט אזוי וואונדערבאר איבער דעם שאָפּען־עטיוד, אָבער ער האָט זיך נישט געקענט אזוי אויסדריקען ווי שוה־מאַן — — —. ער האָט נאָר שטיל־שוואך געזאָגט. דעם מיידעל:

„מיין גנעדיגע קעניגין — — — — !"

דאָס אלעס!

## פּ ל י כ ט.

זי האָט געטראָגען אַ קלייד פון דער מאַטגרינער פאַרב פון דעם „צימענט־זשוק“, און האָט געגעבען אַ קאַוועליער צו עסען רויזענבלעטער, וועלכע זי האָט אָפּגעפּוצט פונ׳ם רויזענביימעל.

„אַמבראָזיאַ“ — האָט געזאָגט דער קאַוואַליער.

שפּעטער איז זי שטענדיג געזעסען אַליין. איהר מאַטגרין קלייד האָט געלויכטען ווי פאָספאָר. זי האָט פאַמעליכען געריסען רויזענבלעטער, האָט זי קיינעם נישט געגעבען צו עסען.

אַ טרעהר איז אַראָפּגעפאַלען אויף איהר קלייד.

אָבער קיינער האָט נישט געזאָגט: „נעקטאַר!“

---

## א ר ב י י ט.

זי איז געזעסען אויפ׳ן גראָזפּלאַץ לעבען ים, און געאַרבייט עפּעס אַ געל שטיקעריי פון האָריגער פערזער־וואָל.

דער הימעל איז געוועזען בלאָה. דער שעהנ־באַרג האָט אויסגע־זעהן ווי אַ שטיק ליכטענדיגע דורכזיכטיגקייט.

זי האָט געשטיקט.

קליינע, רונדליכע ווייסע וואָלקען זענען געקומען אָהערצעשווי־מען דער שעהנבאַרג האָט אויסגעזעהן ווי ווייסער קרייד.

זי האָט געשטיקט.

אַ יונגער דיכטער איז פערבייגעגאַנגען, נישט געגריסט — —.

אַלעדינג איז געוועזען אַזוי ווי בליי. דער שעהנבאַרג איז ער־גען אָהינגעקומען.

זי האָט צונויפגענומען איהר שטיקעריי און האָט גע־נומען אַוועקגעהן.

דער הימעל איז ווידער בלאָה געוואָרען, דער שעהנ־באַרג איז ווידער געוועזען ווי אַ שטיק ליכטענדע דורכזיכטיגקייט.

זי איז געזעסען אויפ'ן גראזפלאין און געארבייט עפעס א געל שטיקעריי פון האאריגער פערזער־וואל.

א יונגער דיכטער איז פערבייגעגאנגען, געגריסט — — —.

דער הימעל איז געווארען באשפרינקעלט מיט א מיליאן ווייסע שטערען.

זי איז געזעסען אין איהר צימער און געארבייט עפעס א געל שטיקעריי פון האאריגער פערזער־וואל.

דער יונגער דיכטער האט ארויפגעקוקט צום הימעל, באַשפרינקעלט מיט א מיליאן ווייסע שטערען!

---

# פריערן.

ליכטיג איז זי געווען, ליכטיג, די קליינע קעניגין! ווי די געלע זון זענען געווען איהרע האאר און איהר פנים ווי דאס בלאט פון א רויז.

„איך האב מורא, איך וועל זיך אין קיינעם־נישט פארליע־בען — — —" האט זי אמאהל געזאגט, אויפ'ן גראזפלאץ לעבען ים.

„פארוואס?!" האט א הערר זעהר איידעל געפרעגט.

„איך בין צו רוהיג. איך לעב מיט'ן זומער ווי די גריל און ווי די זעע־שוואנען. אבער אונזער גורל לויערט איבער אונז ערגעץ אין דער ווייטקייט, ביים ברעג־הימעל. וואס וועט עס מאכען פון אונז? איך וועל שוין אפשר מעהר ניט קענען געניסען פונ'ם זו־מער ווי די גריל און די זעע־שוואנען.

„מיין גוטע, מיין טייערע — — —!"

„וואס האט איהר געזאגט?!"

„גארנישט — — —"

און זי האט געלעבט מיט'ן זומער ווי די גריל, ווי די זעע־שוואנען — — —!

---

## אזוי געהט דאָס.

זי איז געוועזן א נישט־בעדייטענדע שוישפּיעלערין אין א זומער־טהעאטער. האט געהאט בלאָהע הימעל־אויגען און האט געהונגערט.

„איך וואלט אייך אמאהל געוואלט ווייזען ווי אזוי איך שפּיעל „די יונגפרוי פון ארלעאנס" האט זי געזאגט צו א יונגען שריפט־שטעלער.

„כאפּט זיך אריין צו מיר!" האט ער געזאגט.

„אה!" האט זי געזאגט „איהר וועט אזוי גוט זיין?"

„פארוואס נישט?"

און זי האט איהם אפּגעשפּיעלט „די יונגפרוי פון ארלעאנס".

ער אט זי נעלויבט אין ניפּל אריין, זי אריינגעבראכט אין א הויכער שטימונג.

דאן האט ער זי געקושט און געדריקט צו זיך — — — — —.

זעהר!

„גאט, שטעה מיר ביי!" האט זי געזאגט, און האט פערמאכט די אויגען, ווי איינער רעדט: וואס סע וועט זיין — וועט זיין. — —

זי האט באהאלטען איהרע בלאָהע הימעל־אויגען, געהונגערט און דעקלאמירט „די יונגפרוי פון ארלעאנס".

איהר פראכט־האלע — — —.

---

## שוועסטער־ליעבע.

„עס איז די עסטרייכישע גרעפין פאן עבנער־עשענבאך" האט יועגען איהר באמערקט א יונגערמאן, אויפ'ן גראזפלאין לעבען ים.

„וואו ליגט עס ערגעץ דאס עבנער־עשענבאך?" האט געפרעגט א דאמע.

„אין דער הויכגעבוירענער נשמה, וועלכע גיכטיגט־דורך דעם גאנ־צען אל־קערפער. מען באקומט א דורכזיכטיגען באוועגליכען קער־פער, ווי די קוואלען אין ים, וועלכע לויכטען — — —"

„אפשר איז מענשליכער חן נישט מעהר ווי א מאטעריע וואס איז דורכגעליכטיגט מיט נשמה'קייט!" האט געזאגט די דאמע „און אפשר קומט דערפאר אויף א דאנק דעם לעהרער פון גימנאסטיק, דעם טאנצלעהרער?"

ביינאכט איז די עבנע־עשענבאכישע גרעפין געזעסען אינ'ם קליינעם טעאטער, אין א לאזשע, אין פארטעיר איהרע צוויי שוועסטער זענען געזעסען לעבען איהר — רעכטס און לינקס. איינע פון זיי האט געהאט א פערמאכטען ברוינעם פעכער און האט איהם געהאלטען נאהענט לעבען די ליפען.

די אנדערע האט געהאט א געלען פעסער און האט איהם גע־האלטען אויסגעשפרייט ווי געלדעמבע־בלאט.

די יונגע מיידעל־גרעפין איז געזעסען צווישען איהרע שווע־סטער און געשיינט ווי די זון.

אין דריטען אקט האט דער העלד פונ'ם שטיק געזאגט צו דער העלדין, וועלכע איז געלעגען אויף דער קאנאפע, אנגעטהאן אין א ווייס־זיידענעם שלפאראק: „וועמען האט איהר צו פערדאנקען אייער רייכטום, מאדאם? ! אייער מאן אדער אייער געליעבטען? !"

„ביידען!" האט געענטפערט די העלדין.

די יונגע מיידעל־גרעפין איז ערגיץ אהינגעקומען. אין איינעם מיט דעם טונקלען זיידענעם הינטערגרונד פון דער לאזשע, איז ערגעץ אונטערגעגאנגען ווי א שעהנער טאג, איז אוועקגערונען, פארלאשען געווארען. די שוועסטער פון דער לינקער זייט האט אויסגעשפרייט איהר ברוינעם פעכער, אזוי ווי א פארוועלקט קאשטען־בלאט. די שוועסטער פון דער רעכטער זייט האט געהאלטען דעם אויסגע־שפרייטען געלען פעכער לעבען די ליפען.

אינ'ם לעצטען אקט האט די וואוילע העלדין דעקלאמירט:

„איך ליעבע דיך — — איך ליעבע דיך!"

די יונגע גרעפין איז ווידער געזעסען אויף איהר פּלאַץ און געשיינט ווי זון. — — —

דער ברוינער פּעכבער און דער געלער פּעכבער זענען געלעגען פערמאַכט אין די שויסען פון די צוויי שוועסטער. — — —

---

# עס דערנעהנטערט זיך דער סוף.

זוניגער הערבסט־טאַג — — —. אויף די זוניגע ערטער וואַרימקייט, הייז — — אויף די שאַטענדיגע ערטער אַ קעלער קאַלטקייט. עס שמעקט פון אלטע בוימבלעטער און פון פרישער פייכטער ערד. אויף די ברעג־ים־לאַנקעס שטעהען קורץ־דינע העליאָטראָפּפאַרביגע פּאַסען. לאַטייניש: קאַלטשיקום אוטומנאַלע.

אויף דער ווייסען גאַס צווישען די טונקעלברוינע באַרענביימער פאַהרט דער הערצאָג מיט זיין זוהן אין אַן אָפענעם עקיפּאַזש. זייערע פיס זענען צוגעדעקט מיט אַ טיגערפעל.

אַז זיי קומען נאָהענט צו דעם קליינעם, זונדערטרוקענעם בית־עולם, ציהען זיי טיעף אַראָפּ די היט.

דער באַדיענער אויף דער קוטש צלם'ט זיך איבער.

נאַר דער פּעטער פערדטרייבער זיצט און ריהרט זיך נישט.

ער האַלט זיך ווי זיין אַמט פאָדערט. ער גלאַצט אויף די ווייסע, זוניגע גאַסען מיט די הערבסטבלעטער — — —.

אינ'ם גאַרטען פון אַ ווילאַ בליהען רויטע און געלע זשאַרזשין־בלומען.

אויף אַ באַנק, אין דער הערבסטזון, זיצט אַ יונג מיידעל.

זי טרוימט: ווער מען היי־יאָהר טראָגען די באַלקליידער מיט אַ רונדען אויסשניט אויף דער ברוסט?!"

די זשאַרזשין־בלומען צעלאָזען זיך אין אַלע פּאַרבען—דאָס זענען די האַרמאָניען פון דער קולטור.

אין הערצאָג'ס גאַרטען שטעהען זיי אין דיקע בונטען, רויט און געל באַשפּרינקעלט, ווייס און לילאַ, רויזרוט און ראָסטרויט.

ווי בארדא־וויין און זאפראן, ווי אלפענבלומען אין זימט־פארב.
דער עקיפאזש פיהרט אריין דורך דעם אייזענגעהאמערטען שטאכעטען־טויער. דער באדיענער שפרינגט אראפ דער אל־טער הערצאג און דער יונגער הערצאג שטייגען אפ. דער באדיע־נער פערבויגט זיך טיעף.
נאר דער פעטער פערדטרייבער זיצט און ריהרט זיך נישט. ער גלאצט אויף די ווייסע, זוניגע אלעען מיט זייערע הערבסט־בלעטער — — —. ער האלט זיך ווי זיין אמט פאדערט.
די ליכטיגע בעריאזעס ציטערען, אין דער לופטען שרייען די קראהען „קראא־קראא !"
די זשארזשין־בלומען גליהען אין אלע פארבען. די ליכטיגערע פון זיי גלאנצען ווי פוטער, די טונקעלערע זענען מאט ווי סאמעט.
הויכגעאיידעלטע אייגענטימער פון זומער־ווילאס ! איהר זיצט נאך אינ'ם גארטען אין דער הערבסט זון און פאהרט איבער די ברייטע וועגען אין עקיפאזשען — — — ! איהר מוזט נאך אויס־טרינקען די גאלדליכטיקייט פון די לעצטע הערבסט־טעג, איהר, די זשארזשין־בלומען און די קראהען — — —.
קראא !

---

## הערבסט-אָוועגר.

די פאליעס פונ'ם ים האבען שא־שטיל געגראבעלט די שטיי־נער ביים בארטען — — —.
דאס וואונדערשעהנע האטעל ביים ברעג שלאפט דעם לאנגען הערבסטשלאף, דעם ווינטערשלאף. די ווייסע פענסטער־לאדענס זענען פערמאכט. דאס בלעטערדיגע זומער־געצעלט דורך וועלכען מען געהט אריין אינ'ם האטעל, איז אביסעל געל געווארען און דורכזיכטיג — — —.
וואו איז דאס פארבענקטע פריילין ? וואו איז דער ליעבענדער בחור ? וואו איז דער „גריף ?" וואו זענען מארגאריטא און ראזי־

טא? און דער הונד מיט די קרומע פיסלעך — הערר פאן בערג-מאן?

וואו איז דאס ברוינבלאנדע פישער-קינד? וואו איז די שעהנע קאטיא? וואו איז די דאמע מיט איהר „פאמיליענגליק?!“

דער הערבסט האט זיי אוועקגעוועהעט, ווי די געלע בלעטער אינ'ם גארטען פון דער קעניגין — — — !

די פאליעס פונ'ם ים האבען שא-שטיל געגראבעלט די שטיינער ביים בארטען — — —. און די 38 שוואנען האבען זיך צענויפגע-רוהט אין א נישט-באוועגליך צירקעל, אויף דער שווארצגעשליפענער פלאך פונ'ם וואסער — — —.

פון צייט צו צייט האבען זיי ארויסגעשריגען אין דער שטילער נאכט: „איררא, איררא — — —“

אבער אין די זומערנעכט האבען זיי עס געזונגען אזוי פיינ-שעהן: „איררא, איררא — — —“

זיי ווייסען אבער גלייך מיט אלעמען, אז דער סעזאן איז שוין פאראיבער — — — איררא!

די ברייטע ליכטיגע גרילפארצער-גאס האט נעטרונקען אקטא-בער-זון. די זונטראפענס האבען געשפריצט אויף די שפיגעל-פענסטער. דער האלצערנער פיראטואר האט דערמאנט דעם פוס אין א פעסטען ,ברוינעם וואלדהויז.

אין דעם טונקלען הויז-מיט-טרעפ האבען ארומגעטרעטען מיעדע מענער מיט מילכבלאהע ארבייט-רעקלעך. אויבען אויפ'ן צווייטען שטאק זענען די טהירען געווען ווייט צעפראלט. עס האט געשמעקט מיט נעפארבטע טיהרען און מיט קאזוע-פאר-דער-חברה.

אין מיטען דער ערב-יום-טוב'דיגקייט פון דער שטוב זענען זיך רוהיג געזעסען די באדיענער אויף בענקלעך פון ווייכען האלץ און האבען געטרונקען אקוראט-זייגער-פינעף זייער איבערביים-קאווע, פון דיקע ווייסע שאלען.

און ווען עס זאל זיך אפילו פארלויפען, אז די וועלט זאל זיך איבערקעהרען און אוועק מיט אש, וועט זיך אויפ'ן סאמע שפיץ פון

דעם אלגעמיינעם וועלט־אונטערגאנג זיכער ארויסזעהן די פריעד־ליכע פארע פון דער קאווע, וואס חברה טרינקען אקוראט־זייגער־פינעף !

די דיענערשאפט ! אנגעפילט מיט שנאה פארלאזען זיי די שטאדט אין פריהלינג, און לאזען זיך מיט דומער האפענונג אויפ'ן לאנד ארויס, אין די בערג, אין די וועלהער — — —.

און פונקט אזוי פאר'שנאה'ט פערלאזען זיי אין הערבסט דאס עלענדע לאנד און לאזען זיך מיט האפענונג אין דער שטאדט־תפיסה אריין — — —.

די דירה שלאפט, איינגעהילט אין גרויע טיכער און מאך־גרינעם טול, נישט־געוואשען, נישט־פערקעמט, אין טעמפען שלאף פון נאפטאלין־שכרות.

פלוצים גיבען זיך אין אקטאבער א פראל־אויף די ווייסע לאדענס.

די הויזפרוי בעטראכט די שלעפערין מיט פיינטליכע בליקען. „דיך צום נייעם, געמיטליכען לעבען דערוועקען, געאיידעלטע, שוואכע — — — ?־ן"

סיי־ווי־סיי בינדט זי זיך ארום דעם קאפ מיט א רויטזיידענעם טוך — — —.

פריילין מארגארעטע זיצט אין איהר צימערל, מיט דער קיה־לער אקטאבערלופט, די טונקעלברוינע טאפעצירונגען מיט טויזענ־דער גאלדגעפרעסטע כריזאנטעמען, און דעם שטויביגען העל־ברוינעם ליים־אויוועז מיט די גאלדשטרייפען.

אויף איהר פנים ליגען די פארבען פון דער דרויסען־לופט. זי שיילט מיט א גאלדען מעסערל א קייזער־באר און לייגט צענויף די פייכטע, זאפטיגע שטיקלעך אויף א ווייס טעלערל. דערנאכדעם לאזט זי זיי אריין אין מויל איינס־נאך־איינס. לאזט זיי צעשמעל־צען אויף דער צונג, פארגעהן, אפשטארבען און זי פייערט אן עדעלע, שטילע ארגיע פון די אפעטיט־נערוועז.

ארום איהר טומעלט זיך אביסעל — — א שלאכט !

טיהרען דונערן, קראַכען, גרויע, פארפעטסטע פּאַהנען פליהען, דאָס „מילכיגע“ רעגימענט גיט זיך אַ לאַז אריין אויף לעבען־און־טויט — — —

„העי, נעהמט נישט מיט די פארב פון דער טיהר — —“ גוואַלדעוועט דער פעלדמאַרשאַל מיט דער רויטזיידענעם קיווער און איז, ווי מען זאָגט, „אומעטום און אין־ערגעץ־נישט“ — — —

אין אונגעהויערער רוהיקייט זיצט דאָס יונגע, ליעבע באַשעפעניש אין איהר צימערעל מיט דער קיהלער אָקטאָבערלופט. די טונקעלברוינע טאַפּעצירונגען מיט טויזענדער גאָלדגעפּרעסטע כריזבלומען און דעם שטויביגען העלברוינעם ליים־אויווען מיט די גאָלד־שטרייפען.

די זאַפטיגע באר אויף דעם ווייסען טעלער איז שוין אַ זאַך דער פערגאַנגענהייט — — —. דאָס יונגע מיידעל הויבט זיך פאַמעליכין אויף, געהט־צו צום פענסטער, שטעלט אוועק די עלענבויגענס און נעהמט דעם קאָפּ אין די הענד אריין — — —

דער טאָג פארגעהט.

אַט־אַ־דאָרטען אויף דער ריזיגער ברוינער וואנד פון׳ם הויז בלישטשען העל־געצונדענע פענסטער. אַ ווייס־גרינע ליכטיקייט פון דעם דרויסען, גאָלדגעלע ליכט פון די עלעקטרישע גלאָזבאָרען, מאַטע, פלאַטער־ליכט פון טרויריגער גאַז, רויזענרויטע און פלאַשגרינע פון די ריזיגע זיידענע אבאַזשורען פון די ענגלישע שטעה־לאָמפּען — — —.

פון די שטאָדטגערטנער און לאַנקעם ציהט אַ לייכטער דופטהויך איבער די גאַסען — — —.

ווי דאָרף־מעלאַנכאָליע, ווי אַ לעצטער גרוס פון׳ם זומערפריערען — — —!

„וואו איז מיין בעט, מיין דעק, מיין קישען, מיין קאָלדרע?“ זאָגט דאָס פריילין און גיט זיך אַ קעהר צום דיענסטמיידעל.

„איך וועל היינט געהן פריה שלאָפען, איך בין מיעד — — —“.

זי האָט פייכטגלאַנציגע אויגען — — —.

די נאכט לאזט אראפּ דעם פריעדען איבער דעם שלאכטפעלד. דער זיעגערייכער פעלדמארשאל נעהמט אראפּ פונ׳ם קאפּ דאס רויטזיידענע טוך, און די געצעלט־פייערען פון לאמפען און וואקס־ליכט טון גלאנצען דורך דער שטילער נאכט — — —.

דאס פריילין טרוימט: „אדיע, זומער — — — !“

---

## די צוקער־פאַבריק.

א זעהר גרויסער הויף. ביי די מויער־שוועלען זענען געזעסען די צוקערבעאמטען און געדויכערט גראָבען טאבאק פון קורצע ליולקעס.

עס האט געשמעקט פון נאפט־שמירעכץ און פון ריבען־בריי וואס האלט אין צעפוילט־ווערען.

פון צייט צו צייט האט זיך דערטראָגען א גערוך פון נאסער וועש, פון זופּ, פון ווייסע אקאציען־בוימער.

אין דרויסען איז געלעגען דאס פלאכלאנד און זיך גע׳חנ׳ט אין דער זון.

העלבלאהע, וואונדערבארע פלאקספעלדער, העלגרינע קוקורוז־פעלדער פון דער מאדערנסטער פארב, ברוינגרינע קארטאפעל־פעלדער.

פעלדער, פעלדער, פעלדער — — —.

לאנגע שורות ווייסע אקאציענביימער אויףביידע זייטען פון דעם ברייטען פעלדוועג.

פרישע ווינטען האבען זיך געגלעט איבער דעם אונענדליכען פלאכלאנד, און אין דער ווייט איז געווען א וועלדעל פון סאסנע־ביימלעך — — —.

ערגעץ־וואו האט געזונגען א פויגעל: טררר — — — טררררר — — — טררררר — — —.

דאס פריילין „שווארצע קארש“ איז זיך געגאנגען פאמעליכען שפּאציערען צווישען די אקאציען אויפ׳ן ברייטען פעלד־וועג.

זי האט אלצדינג פערשטאנען.

די נאטור, דאס ווייטע בליהענדיגע פלאכלאנד האבען צו איהר גערעדט און זי האט אלצדינג פארשטאנען — — —.

נאכמיטאג איז זי מיער געזעסען אינ'ם גערטענדיל, פאר'ן קליינעם הויז פונ'ם בעאמטער. עס איז געווען א גרינווארג־גער־טענדעל. סאמע גאנץ־קליינע פעלדער מיט זופען־קרייטיכער, אין דער ווייטקייט האט זיך געזעהן א וועלדעל פון סאסנעביימלעך.

דער הערר דירעקטאר פון דער פאבריק איז געשטאנען לעבען איהר.

זי האט אלצדינג פארשטאנען — — —.

זי האט גערעדט וועגען די ריבען, די הייזער, דאס דערשלאגענע לעבען — — —.

ער האט זיך געהאלטען ווי אן אריסטאקראט. גערעדט וועגען זאכען פון אויבען אראפ, געשטאנען העכער פון זיי, אהן ליידענ־שאפטען. ער האט „געפיהרט א נעשפרעך" ווי א שוישפּיעלער — —.

און וואס איז ער דען פאר א מענש?

א געוויסענהאפטיגער בעאמטער, א שטרעבער, א דערשלאגענע־נער, א פארטריבענער — — ?

יעדענפאלס האט ער געהאט זעהר פיינע מאניערען, א מין סארט זיך־אויף־צו־להכעים — — —.

מסתם האט ער זיך געטראכט: „אט וואס פאר א נאט־פערשאלטען ווינקעל !" און „איך בין דעם צוקערקעניג'ס קאנצלער" און „א, בלאנדע יאזיקא, די פרווי פונ'ם פרינציפּאל — — — !"

די זופגרינסען האבען זיך ארויסבאוויזען פון דר'ערד און זע־נען געווען דערפרישענד פאר די אפעטיט־נערווען. מען האט זיך זיי שוין פארגעשטעלט ווי זיי וואלטען געווען גוט־געזאטען. אין דער זעלבער צייט ט ר ו ק ע ן־געזאטען אין דער ליעבער נאכ־מיטאג זון.

דער פאבריק דירעקטאר און דאס פריילייןזענען געזעסען אינ'ם שאטען פון דער ווייסער מויער.

די אקאציען האבען אריבערגעשיקט שווערע, דיקע פארפומען.

פונ'ם פלאַכלאַנד זענען געקומען פרישע ווינטען, אנגעפילט מיט ערד געררוך, און זיסען קוקורוז־דופט — — —.

דער פאַבריקדירעקטאָר איז געזעסען לעבען איהר און „גע־שפּראַכען" ווי אַ פיינער שווישפּיעלער.

זי האָט אַלצדינג פערשטאַנען — — —.

„דו ביזט דער שונא — — —" האָט זי געפיהלט „דער שונא פון אַלצדינג וואָס בליהט אין פריעדען, אין אַט־אָ־דעם פאַרוואָר־פענעם ווינקעל, דער שונא פון אַט־דעם גרויסען עיפּוש'דיגען הויף, דער שונא פון דיין באַלעבאָס, דער שונא פון דיין פאַך, דער שונא פון דיין פרוי, דער שונא פון דיינע „מענשען", דער שונא פון אַט־דעם גרויסען פלאַכלאַנד מיט זיינע וואונדערבאַרע בלאַהע פלאַקס־פעלדער און אהן־אַ־סוף־יגע שורות פון ווייסע ביימער — — — דער שונא פון דעם אַלעמען וואָס דו פאַרשטעהסט נישט, דער שונא פון זיך זעלבסט — — —"

„וואָס איז דאָס פאַר אַ פויגעל, וואָס האָט היינט אַ גאַנצען אין דער־פריה געזונגען — — — ? " האָט זי געפרעגט.

„איך האָב נישט געהערט קיין שום פויגעל — — —"

ער האָט כסדר געזונגען „טררר, — — — טררר, — — — טררר — — —"

„דער פלאַכלאַנד־פויגעל — —" האָט ער געזאָגט.

זי איז זעהר רויט געוואָרען.

„עס איז געווען ווי אַ געזאַנג" — האָט זי געזאָגט.

„דער לייטמאָטיוו פון די פלאַכפעלדער — — —"

ער האָט געטראַכט: „אַט די פאַרצווינגענע, גרויסשטאָדטישע באַשעפעניסען — —"

ער איז באמת געווען דער שונא — — —.

זי האָט אַלצדינג פערשטאַנען — — —.

ביינאַכט איז געווען אַ צענויפקום.

אַ גרויסער, נאַקעטער, ווייסער זאַאַל. ציגיינער האָבען גע־שפּיעלט. די פידלען האָבען זיך אין גאַנצען פון דער וועלט אַרוים־

געזונגען. זיי זענען געווען ווי משוגע־געוואָרענע דיכטער, ווי פאַר־אומעטיגטע ערעלע קינסטלער — — —.

דער צימבאַל איז געווען „דאָס איבערלויפּענדיגע האַרץ“ וואָס שרייט שטיל אַריין אינ'ם לעבען און גיט אַלע מאָל אַ זיפץ, ווי פון חלום, און ווערט אַנטשוויגען — — —.

די טשעלאָ אָבער האָט געזאָגט הויך און שווער „מען קען נישט לעבען — — !“

בלויז די קלאַרנעטען האָבען זיך איבערגעגעבען צום טומעל פונ'ם לעבען, האָבען שלום־געמאַכט מיט אַלצדינג, און אַריינגע־קוויטשעט מיט גרויס פריידּ ווי די רעקרוטען וואָס מען האָט זי „אָפּגעגעבען אויף דריי יאָהר“ און — — — „וואָס קען מען זיך העלפען ? !“

דאָר פרייליין „שוואַרצע־קאַרש“ איז דאָ געשטאַנען אין איהר ווייסען קלייד, מיט ברייטגעעפענטע אויגען און זיך איינגע־הערט — — —.

זי האָט אַלצדינג פערשטאַנען — — —.

די יונגע בעאַמטען פון דער פאַבריק האָבען געטאַנצט ווי אין „אָפּגעריסענער שטורמווינד“.

אַט־דאָ־אַ האָט דאָס יונגע נישט־פאַרנוצטע לעבען געעפענט זיינע געפאַהר־טיהרלעך, ווי אַ מאַשין וואָס האָט צופיעל דאַמף, און האָט געלאָזט פון זיך אַרויסשטראָמען בעגייסטערונג, יוגענד־לוסט — — —.

עס האָט כמעט געפּייפט — — —.

די דאַמען אָבער זענען שוין געווען איבערגעפיהרט, צעשלאָ־גען פונ'ם לעבען און האָבען אַלצדינג מיט־געטון אָהן חן און מיט מאַטערניש — — —.

נאָר אַ טהייל פון זיי האָבען געהאַט מיסטעריעזע גענג, ווי מענ־שען וואָס ווילען זיך פאַרגעסען אין שכרות, דערנאָכדעם כאַפּען זיי זיך אויף, לייגען צענויף דאָס צעקנייטשטע קלייד, און זידלען־זיך מיט ווער־עם־איז — — —.

אין אַט־דעם הויף פון דער צוקערפאבריק האט זיך בעהאפטעט דער טעמפער נישט־ווילעז, מיט דער שטרענגער ענגלישער „פרו־מעריי" און באלד דאַ געגעבען אַ „סדום־ועמורה".

דאָס פרייליין מיט די אַפּגרונד־טיעפע, שווארצע אויגען איז געשטאַנען און זיך איינגעהערט — — —.

ציגיינער־מוזיק — — —.

זי האָט אַלצדינג פערשטאַנען — — —.

דער דירעקטאָר פון דער פאבריק האָט זי איינגעלאַדען צום טאַנץ.

די קלאַרנעטען האָבען געקוויטשעט ווי רעקרוטען, וועלכע מען האָט גענומען אויף דריי יאָהר. ווען מען לאָזען זיי דען איבער — — ? אָבער זיי זינגען אויסערגעוועהנליך־לוסטיגע לידער, אויסגעלאַסענע, שרעקליכע, מיט אַ קול וואָס דערמאָהנט זעהר שטאַרק נ י ש ט אין די טענער פון דער נאַטור.

דער פאַבריקדירעקטאָר האָט לייכט געדריקט דאָס פרייליין צו זיך — — —.

צו זיך — — —.

ער האָט געפיהלט איהר װאַרעם לייב — — —. זיי האָבען געטאַנצט זעהר פּאַמעליכען — — —.

פאַר איהר איז דאָס געװעזען װי אַ דערלעזונג.

„ער איז מיין שונא — —" האָט זי געפיהלט.

ער האָט זי געדריקט צו זיך מיט גרויס ערעלקייט — — —.

זי האָט בעמערקט ווי די קלאַרנעטען קוויטשען ווי רעקרוטען וואָס מען האָט זיי גענומען — — —.

דער צימבאַל האָט זיך אויסגעזיפצט און איז אנטשוויגען גע־וואָרען — — —.

זי האָט אַלצדינג פערשטאַנען — — —. דאָס לעבען האָט זי אַ כאַפּ געטון — — —.

צומאָרגענס זענען זיי געגאַנגען שפּאַציערען אויף דעם פריי־שען, זוניגען פעלדוועג צווישען העלבלאָהע פלאַקס־פעלדער און העלגרינע קוקורוז־פעלדער — —.

זי האט געזאגט: „אה, הערט זיך נאר איין! דער פויגעל — — —"

„עס איז דער פוינעל פון די פלאכפעלדער — —" האט ער געזאגט, דער לייטמאטיוו פון אט־דער סימפאניע וואס רופט זיך „פלאכלאנד" — — —"

„שוישפיעלער — —!" האט זי געטראכט און האט שוין מעהר גארנישט פערשטאנען.

נאהענט פון זיי זיינען פערביינעגאנגען די ציגיינער מיט די אינסטרומענט־קעסטעלעך — —, מיט טויטגעשוויגענער מוזיק — —.

ווי אין שווארצע, שטויבינע טרונעס זענען געלעגען די נישט־געשפיעלטע ליעדער — — —.

די ציגיינער האבען זיך געאמפערט, געמאכט מיט די הענט.

„אט וואס פאר א פארשאלטענע ווינקעל דאס איז, דער קעניגס־קאנצלער האט אונז באשווינדעלט — — —"

און אונגעהויערע ליכטיקייט אין געלעגען איבער דעם פלאכ־לאנד.

פרישע ווינטען זענען פאמעליכען געשוואומען איבער די פעל־דער — — —.

ערגעץ־דארט ווייט איז געשטאנען א וועלדעל פון סאסנעביימ־לעך, ווי א סודות־פולער, טונקלער אינזעל — — —

„איך פיהל צימבאל־מוזיק — — —" האט געזאגט דאס פריי־ליין.

ער אבער האט געהערט די קלארנעטען, דעם קורצען שארפען טאן, דעם רוף צום לעבען — — —.

די ציגיינער האבען זיך ארויסגעבלאנדזשעט איבער די פלאכ־פעלדער און האבען זיך געאמפערט — — —.

„גענוג! באסטא — —!" האט געזאגט דער קאפעל־מייסטער, און האט ארונטערגענומען דעם שווארצען, גלאנציגען הוט און האט געלאזט זיינע שווארצע לאקען אוועקטאנצען מיט'ן מארגענווינד —.

---

# א י ד י ל י ע.

זי איז געזעסען מיט איהר מוטער אין דער שטוב, וואו מען האלט דאס מילכינגס, און האט געטרונקען וויים־געלע, דיקע מילך און האט געגעסען גאלדברוין ברויט, גערינבט־געקנעטענס, מיט שמעקעדיגער פוטער און האניג.

עס איז געוועזען א נאכמיטאג אין א זומערזונטאג.

זייגער זעקס איז אלבערט אנגעקומען.

זי איז געווארען רויטליך, רויט.

אלבערט האט באשטעלט דאס געריבט־געקנעטענע, שמעקעדיגע דארפסברויט מיט פוטער און מיט האניג.

דאס יונגע מיידעל האט ארויפגעליינט איהר האנד אויף דער „פלייצע" פון זיין בענקעל און האט איהם לייכט אנגעריהרט.

די מוטער האט געזאגט: „איהר זענט היינט עפעס פערטראכט, אלבערט — — — ! ?"

„מען קען נישט ענטוויקלען דעם טאלאנט" האט ער געזאגט קורצאפגעהאקט. „די מאדאם ע. וועלכע האט געלעזען מיין עסעי „ווארהייט" האט היינט געזאגט: „ער וואלט בעדארפט פאהרען אויף א זומער קיין קארלסבאד. דארטען וואו עס פולסירט דאס גרויסע לעבען" — — —"

דאס יונגע מיידעל האט אוועקגעלייגט איהרע הענט אין דער שוים און איז זעהר בלייך געווארען.

די מוטער האט געזאגט: „אז א מ ת'ר דיכטער, מיין ליעבער פריינד, דארף נישט — — —"

„ניין" האט געזאגט אלבערט „מען קען נישט שעפען פון דער הוילער לופט. דאס קענט איהר נישט פארשטעהן! ווילט איהר אונז פארשרייבען אונזערע געפיהלען? אונזערע שטימונגען — — ? אונזערע קוואלען זענען א נ ד ע ר ע קוואלען. טיילמאהל זענען די פרויען דאס מיסטעריום פון אונזער קראפט, און דעמאלט — — !

מיך צומביישפיעל, באצויבערען די אויגען פון דער צוועלפיעהד ריגער פראנצי — — —“.

דאס יונגע מיידעל האט אראפגעלאזט די אויגען.

„יא“ האט ער געזאגט קורצגעשניטען „אזוי איז דאס ! עס איז דער סוד פון דער ריינער נאטור, פון דער אור־נאטור, אויב איהר ווילט — — — עס בארוישט מיך!“

דאס יונגע מיידעל האט אין אזוינע מינוטען באטראכט דעמ־דאזיגען אידעאליסט, דעמדאזיגען טרוימער־פלוידערער ווי א שונא וועלכער שאנעוועט נישט איהר צארטע נשמה.

זי האט איהם אומרעכט געטון.

בער האט זי עס דען געוואוסט ? !

זי האט געלעבט אין איהם, אין איהם, נאר אין איהם — — —.

איינמאהל האט זי געזאגט : „איך גלויב, אז איך קען אמאהל זיין ניצליך אין זיין חלום — — — דאריבער לעב איך“.

די מוטער האט באטראכט די טאכטער ווי א מארטירערין. זי האט אלצדינג מיטגעפיהלט מיט איהר, נאר ז ע ל ב ס ט י ג ע ה, און זי האט געהאסט דעם אידעאליסט, וועלכער האט געוואלט „ענט־וויקלען זיין טאלאנט“ אויף די אויגען פון דער צוועלפיעהריגער פראנצי.

„צאהלען!“ האט געזאגט אלבערט און זיך אפגעווישט די ליפען.

מיר זענען פאמעליכען געגאנגען איבער די שטילע ווארימע נאסען.

אלע האבען געשוויגען.

אלבערט איז זיך געגאנגען לעבען דעם יונגען מיידעל. גאס־איין, גאס־אויס, גאס־איין, ביז צום טויער פון א הויז. שטילער הויז־ארייננאנג. שטילע טרעפ. ברום, ברום, בחום, ברום, א שטיל איינטריט־צימער, א שטיל וואוינצימער.

פארנאכטליך.

אלבערט זעצט זיך אין א ווייך בענקעל.

דאס יונגע מיידעל זעצט זיך ביים פענסטער.

אלבערט קוקט אין דער לופט אריין מיט גלאציגע אויגען.
דאס יונגע מיידעל הויבט אן צו וויינען — — —.
די מוטער קומט שא־שטיל ארוים — — —.
דאס איז געווען דער זומערדיגער זונטאג־אווענד, אויף וועל־כען דאס יונגע מיידעל האט אזוי ארויסגעקוקט די גאנצע וואך — — די גאנצע לאנגע וואך!

---

# מוזיק.

די קליינע האט זיך געלערענט קלאוויר־שפיעלען.
זי איז געווען צוועלף יאהר אלט און געהאט וואונדערליכע אוי־גען.

ער איז ארומגעגאנגען איבער'ן צימער ארויף און אראפ, ארויף און אראפ.

ער איז געבליבען שטעהן — — — ער האט זיך איינגעהארכט און עס האט איהם מאדנע געריהרט.

דאס זענען געווען עטליכע וואונדערבארע טאקטען, וואס האבען זיך בסדר אומגעקעהרט צוריק.

און דאס קליינע מיידעל האט ארויסגעצוואונגען פונ'ם קלא־וויער די גאנצע טיעפע שעהנקייט דאפון.

גלייך זי וואלט פלוצים אויסגעוואקסען און געווארען א גרויסע, אן אלץ־פארשטעהענדיגע!

„וואס איז עס פאר א זאך וואס דו שפיעלסט?" האט געזאגט דער הערר.

„פארוואס פרעגסטו? דאס איז מיין „אלבערט עטיוד", „אלבער־טיני נומער 18; ווען איך שפיעל דעם עטיוד, מוז איך שטענדיג טראכטען פון דיר — — —"

„פארוואס!?"

„איך ווייס נישט. אזוי איז דאס!"

גלייך ווי זי וואלט פלוצים אויסגעוואקסען און געווארען א גרויסע, אן אלץ־פארשטעהענדיגע!

ער האט ווידער גענומען ארומשפאנען איבער'ן צימער, שטי־לערהייד, ארויף און אראפ, ארויף און אראפ — — —.

דאס קליינע מיידעל האט זיך ווייטער געלערנט שפּיעלען אויפ'ן קלאוויר, בערטיני נומער 19, בערטיני נומער 20, בערטיני נומער 21, 22, 23 — — — אבער די נשמה איז שוין מעהר דאביי נישט געווען.

---

## אין שטאדטישען גארטען.

עס איז געווען זייגער זיעבען פארנאכט.

א ווארימער, ווארימער אווענד. ניינצעהנטער יוני. אויף די גאסען איז געלעגען דער שלעפעריגער, שטינקענדיגער שטאדט־זומער.

אינ'ם שטיקעל שפּאציערגארטען הינטער די גאלדענע שטאַ־כעטען האט געוואוינט ס'דארף.

די ווייסע מאנדעל־בליהונגען, די ווייסע אקאציען, די געלע גאלדרעגען־בלומען האבען געשמעקט.

אויף די קליינע, קיילעכדיגע לאנקעס זענען געלעגען טונקעל־גרינע קראנצען פון בלישטשענדיגע לעדער־בלעטער.

דאס איז געווען די גארטענקונסט, די קולטור.

אבער אומעטום האבען געלויכטען די צעזייטע־און־צעשפּרייטע געלע פעלדבלימלעך.

דאס איז גאר קיין קונסט נישט געווען. דאס איז געווען די נאטור.

זיי זענען געזעסען אויף אייזערנע בענקלעך.

די יונגע דאמע האט אויף זיך געהאט א קלייד פון העליאטראפּ־פארב. די ברייטע זיידענע ארבעל זענען געווען ארומגעזוימט מיט ווייסגעלע שפּיצען. דאן האט זיך געזעהן די האנד, א פיינע ווייסע

האנד. דער יונגערמאן ביי איהר רעכטער זייט האט באטראכט אט־די האנד ווי א לעבעדיג־געווארען קונסטווערק; זי איז געווען אזוי דין, אזוי ווייס און אזוי ריהרעוודיג. יעדער פינגער האט אויס־געזעהן ווי א שלאנקע באלעט־טענצערין.

איינמאהל האט די יונגע דאמע געזאגט צו א הערר (זי האט דעמאלט געטראגען א העלגרין זיידען קלייד מיט ווייסע זיידענע קרייזלעך): „וואס איז דאס אזוינס אן „אנשטענדיגע“ פרוי ? ! דארף מען זיך דאמיט באריהמען ? ! איך פיהל נאר אז דאס לעבען — אזוי ווי עס איז — האט גענוג מעלאנכאליע, לאנגווייל, בא־קען — —.

איך וועל שטענדיג אזוי זיין. איך פרעה מיך אז מען באַ־וואונדערט מיינע קליידער, מיין געשמאק. איך קוש נישט מיין אייגענעם מאן. קוק איהם נישט אן מיט „האניג־אויגען“, אבער איך בין צופריעדען, אזוי ווי א קינד ביי דער מוטער׳ס ברוסט. דאס קינד זויגט און זויגט, הערט־אויף אויף א ווייל, קוקט ארויף צו דער מוטער און זויגט ווייטער און איז זעהר־זעהר באפרידיגט.

אט אזוי לעב איך ! איך גלויב אז אלע גליקליכע פרויען לע־בען אזוי. ווי אזוי דען זאלען זיי לעבען ? אפשר אין א וויכער פון געפיהלען ? ! דאס איז דאך נישט ס׳גליק. דאס גליק איז די באוועגונג וואס איז ג ע װ א ר ע ן ר ו ה. אט־דאס איז דאס גליק“.

איצט איז זי געזעסען אין א העליאטראפ־פארביג זיידען־קלייד אין שטאדטישען גארטען, צווישען איהר מאן און דעם הערר אל־בערט, און זי האט איינגעאטעמט דעם פייכטען קיהלען דופט פון די גראזען, דעם זיסען אטעם פון די מאנדעל־צוועטען, פון די אקאַ־ציען — — און זי האט געזאגט : „לאמיר דיכטען — — — —“

„ביטע זעהר !“ האט געזאגט אלבערט.

„זיי זענען געזעסען אויף דריי אייזערנע בענקלעך אין שטאָד־טישען גארטען“ — האט געדיכטעט די יונגע דאמע.

אלבערט : „עס האט געשמעקט פון מאנדעל־צוועטען — — —“

„ניין" האט געזאגט דער מאן „עס האט געשמעקט פון באַ־טיסטענע קינדער־קליידלעך, פון שטויב, פון גומיבאַלען".

זי : „מאריא האט ארויפגעגלאצט צו דער פאהן פונ'ם ראטהויז־טורעם — — —"

ער : „אלבערטוס האט ארויפגעגלאצט צו דער פאהן פונ'ם ראט־הויז־טורעם — — —"

זי (רויטווערענדיג): „איך וויל נישט איהר זאלט מיר נאכ־רעדען; איהר מוזט אליין דיכטען — — —"

ער : „אויף דער פאהן פונ'ם ראטהויז האבען זיך זייערע בלי־קען צונויפגעטראפען — — —"

„גוט נאוועגט, פראנצי!" האט געזאגט דער מאן און איבערגע־שלאגען די דיכטונג.

דאס קליינע מיידעל האט געטראגען א רויזרויט קלייד, וואס איז געווען געמאכט ווי א העמד. די רונדליכע ארעמס זענען געווען נאקעט און דער האלז און די שעהנע פיס אויך.

זי איז געשטאנען גלייך־אויסגעשטרעקט און געענטפערט: „גוט נאוועגט!"

דאן האט זי זיך געזעצט אויף דער שויס פון דעם יונגענמאן, וועלכער האט מיט א מינוט פריהער געדיכטעט וועגען דער אוינען־באַגעגניש אויף דער „פאהן פונ'ם ראטהויז".

ער האט זי ארומגעפלאכטען מיט זיין ארעם, און האט זי ליעב און פיין געדריקט צו זיך.

ער האט איהר שטיל אריינגעזאגט אין אויער: „בערטיני נו־מער 18 — —"

„שש!" האט זי געזאגט און האט זיך געריוויטעלט.

„איך מוז געהן באגעגענען די מאדאם מ.!" האט ער געזאגט.

„ביטע, לאזט זיך ניט שטערען!" האט געזאגט די פרוי אין העליאטראפ־קלייד. „מען ווארט שוין מסתם אויף אייך — — —"

זי האט דערלאנגט איהר וואונדערשעהנע האנד.

ער האט געפיהלט אט־די ווארימע, ווייכע, וואונדערליכע האנד־פלאך.

ווען ער האָט אָפּגעלאָזען די האנד האָט די דאמע נאָך אַלץ געפּיהלט ווי ער בעט זיך „אַ, לאָז מיך נאָך אביסעל — — אבי־סעל — — וואָס קען עס דיר שאַטען?!“

„איך׳ל דיך באַגלייטען!“ האָט געזאָגט דאָס קליינע מיידעל און זיך אָנגעהאַנגען אָן איהם.

ארעם־אין־ארעם זענען זיי געגאנגען דורך די לייכט־פארנע־פעלטע, מיט־צוועטרופּטענדע אַלעען.

ער איז געבליבען שטעהן און האָט זיך געגריסט

דאָ איז געזעסען אַ דאַמע מיט גייסטפּולע, נעַ־וועזע גע־זיכט־ליניען און אַ יונג מיידעל מיט אַש־בלאָנדע האָאָר און אַ בלייך, ערעל פּנים.

„מיר וואַרטען שוין אפשר אַ שעה“ האָט געזאָגט די מוטער „וואו זענט איהר געוועזען?!“

„פריילײן פראַנצי!“ האָט דער יונגערמאַן פאַרגעשטעלט זיין קליינע פריינדין אין רויזרויטען העמד־קלייד.

וואו ער איז געוועזען, האָט ער נישט געזאָגט.

פראַנצי האָט בעטראַכט דאָס בלייכע, יונגע מיידעל.

אַ, קינדער נשמות, קינדער נשמות — — —.

„איך מוז געהן צוריק צום פּאַפּאַ“ האָט זי געזאָגט.

„ניין, בלייב נאָך אַביסעל“ האָט געזאָגט אַלבערט.

ער האָט זיך געזעצט לעבען דעם יונגען מיידעל מיט׳ן בלייכען פּנים און האָט גענומען פראַנצי׳ן אויף דער שויס.

„האָט איהר ליעב אַלבערט׳ען?“ האָט געפרעגט דאָס בלאסע מיידעל און איז רויט געוואָרען.

„צוערשט קומט דער זיידע, הערנאָך קומט עמיצער אנדערש (איהר פארשטאַרבענע מוטער) און דערנאָך קומט „ער“.

„און דער פּאַפּאַ?“ האָט געפרעגט די עלטערע דאמע.

„ער קומט ערשט אַ סך שפּעטער!“ האָט געזאָגט פראַנצי, פעסט און זיכער.

„דו ביזט אַ נאַר!“ האָט געזאָגט אַלבערט און האָט זי גע־קושט.

זי האָט זיך צערטליך צוגעטוליעט צו איהם. דאן האָט זי גענומען
אַ שפּרונג־אויף, געזאָגט אַדיע, און איז אַנטלאָפען געוואָרען.

„העי, פראַנצי!" האָט ער איהר נאָכגעשריגען.

„וואָס איז?" האָט געפרעגט דאָס רויטרויזע העמד.

„נאַרנישט!" האָט געזאָגט אַלבערט.

„אייער קליינע פריינדין האָט אייך, ווייזט אויס, זעהר ליעב"
האָט געזאָגט דאָס בלאַסע מיידעל.

„איהר מאַכט אַלעמען קאַליע, אפילו קינדער פון עלעף יאָהר",
האָט געזאָגט די מוטער, אביסעל בייזליך.

„איך גיב איהר דאָס, וואָס איהר לעבעדיגער פאָטער און טויטע
מוטער קענען איהר נישט געבען — ליעבע!"

די מוטער האָט געזאָגט: „מען טאָר צו אייך נישט צו־לאָזען
קיין שום פרוי — אויב זי איז נאָר עלטער פון אכט יאָהר".

זי האָט אָבער געמיינט: „אַלע — אַ חוץ צוויי" — — — איהר
טאָכטער און זי.

„פאַרוואָס?" האָט ער געטראַכט, „אָט קען איך אַ יונגע פרוי
פון 23 יאָהר; זי האָט וואונדערשעהנע ווייסע הענט, און אונזערע
בליקען האָבען זיך באַגעגענט אויף דעם פּאָהן פון׳ם ראָטהויז — —
וואָס האָב איך איהר געטון? וואָס שאַט איך איהר?!"

דאָס יונגע מיידעל האָט זיך פאַרקוקט אויף די וועג־שטיינדלעך
פון דער אַלעע.

אַלבערט האָט געזאָגט זעהר שטיל: „ביזט בייז וואָס איך
האָב דיך געלאָזט וואַרטען — —?!"

זי האָט זיך פאַרקוקט אויף די וועג־שטיינדלעך פון דער אַלעע.

זי האָט געטראַכט: „בייז, בייז — —!? וואָס זענען דאָס
פאַרא גאָלדענע צייטען, איז וועלכע מענשען זענען אַזוי רייך,
אַז מען קען זיך נאָך פאַרגינען צו זיין בייז? קעניגינס צאָרענען,
כדי צו קענען פאַרגעבען און הנאה האָבען דאַפון, אָבער בעטלע־
ריִנס — — —?!"

ניין, זי האָט עס געטראַכט אַ סך איינפאַכער, טראַגישער.

אייגענטליך האָט זי עס גאָר אין גאנצען נישט געטראכט. זי האָט עס בלויז געפיהלט.

און זי האָט זיך פּארקוקט אויף די וועג־שטיינדלעך פון דער אלעע, אויף די קליינע, קיילעכדיגע לאנקעס מיט די טונקעלע קראנ־צען און די ליכטיגע פעלדבלימלאך, און די פארגאָלדעטע שפּיצען פון גארטענטוויער — — —.

די ווייסע מאנדעל־צוועטען, די ווייסע אקאציען, די געלע גאלדרעגען־בלומען האָבען געשמעקט אין דער ווארימער, ליכט־פארנעפּעלטער יונילופט — —.

אלבערט האָט געזאָגט: „די וועלט איז רייך און שעהן — — !“

אָבער דאָס איז געווען זיין אינוועניגסטע וועלט. ווארים די וועלט ארום איהר איז געווען ארעם־נשמה'דיג און קליין!

איז דען דאָס אויך אונזער „אינוועניגסטע וועלט“, די חופּטיגע מאנדעל־צוועטען, די ווייסע אקאציען און אַ ווייסע האנד? און דאָס שמייכלען פון אַ קינד? און די געבראָכענע נשמה פון דער פרוי?!

אויך!

---

# אַ פּאָעטישער אבענד.

נעבען יעדען טעלער איז געשטאנען אַ גלאָז־וואזע מיט גלאנציג־רויטע זשאַרזשין־בלומען.

אויפ'ן טיש איז געלעגען אַ לענגליך סערוועט, באשטיקט מיט רויטער זייד. אין צוויי טיעפע, רויטע, גלאָז־שיסלען זענען געלע־גען גאנץ־רויטע בלוט־אראנזשען און די פיינע געבעקסלעך אויף די זילבערנע טעלער זענען אלע געווען בארעקט מיט פּאזימקע־איינגעמאכטס.

דער לייטנאַנט האָט געגעסען רויט־באשמירטע שטיקער ברויט. דאָס פרייליין נעבען איהם האָט געהאַט רויטע באקען. די כלה

האט זיך געריויטעלט אזוי אפט ווי הער חתן האט זי געקושט און דער רויט־זיידענער לאמפּ־שירם האט אלצדינג פערפלייצט מיט א רויטען טומאן. בלויז די יונגע באלעבאסטע איז געווען בלייך. זי איז געווען די פערפאסעריו פון אט־דער „סימפּאני אין רויטען". זי האט עס געטון צו עהרע פון חתן־כלה און ווי אלע דיכטערינס איז זי געווען נערוועז און בלייך.

נאכ'ן נאכטמאהל האט מען געטרונקען מאי־וויין פון שעהנע גרינע גלעזער, און די יונגע באלעבאסטע האט אלעמען צעזעצט ארום זיך און האט אין א וואונדערבארען טאן פארגעלייענט זעהר א ליעבליך געדיכט וואס זי האט פערפאסט צו דער געלעגענהייט.

זי האט עס געמוזט פארלעזען נאך אמאהל און וויעדער האט זי עס געלייענט מיט א וואונדער־ווייכען, ערדעלען טאן.

עס האט געקלונגען ווי א שטיק פון בעטהאווען'ס ס ע פּ ט ע ט. די טשעלא זינגט זיך ארוים אין געלויטערטער פרייד, זי טאנצט כמעט. יא זי טאנצט ווי עס טאנצען די קליינע מיידלאך אויף די לאנקעס, און האלטען זיך ביי די שירצלעך. דערנאכדעם צע־שפּרייט די טשעלא א פּאאר פליגלען און הויבט זיך ארויף צו די שטערן, צו די שטערן. — — —

פּונקט אזוי איז עס געווען מיט'ן ליעד. עס האט געטאנצט: דערנאכהעם האט עס אויסגעשפּרייט די פליגלען און זיך אוועקגע־לאזט אינ'ם הימעל אריין!

שפּעטער האט די באלעבאסטע געזאגט: „שפּיעלט עפּעס!"

דער לייטנאנט פון די רויטע ברוית־מיט־פּאזימקעס, דאס פריי־ליין מיט די רויטע באקען האבען עפּעס געשפּיעלט אויפ'ן קלא־וויר.

דערפאר וויייל אלע געסט האבען דאסזעלבע שטיק מוזיק גע־הערט ביי די „איטאליענער", האט עס אויף זיי געמאכט א גוואל־דיגען איינדרוק.

איינער האט געזאגט: „זיי ביידע זענען זעהר גוט צענויפגע־שפּיעלט" — — —

באזונדערס געפעלען געווארען איז עפעס א ליעד ווענען אז „ארימען פאיאיץ". עס האט געצונדען. די עררען האבען מיט־געזונגען אין כאהר, ווי־וואויל דאס איז גאר געווען א סאלא. אפילו דער יונגער ענגלענדער האט געזאגט „אלרייט — —" און וואס קען זיין מעהר!

דאס דאזיגע ליעד האט באמת געקלונגען ווי א „געמארדעטע ליעבע".

די ב ל י ה ע נ ד י ג ע ליעבע אבער, די וואקסענדיגע, האט פארפלאכטען א האנד־אין־א־האנד ביים אפענעם פענסטער און האט געבליקט אין דער מילדער נאכט אריין און געאטעמט די לופט וואס האט אהערגעצויגען פון די הויכע געבערג און האט מיט זיך געבראכט ריחות פון גראז, אויף וועלכען עס צערינט דער שנעע. — דאס איז געווען א פאעטישער אווענד.

ואז אלע זענען אהיימגעגאנגען, האט הער הויזהאר געזאגט: „אניטא, יעדער זאך רעגט דיך אויף. עס איז נישט פאר דיר אזוינע אווענדען מיט אזוי פיעל געזעלשאפט. עס מאטערט דיך אוים — — — צו וואס ? !"

די דאמע האט ארויסגענומען די רויטע זשארזשין־בלומען פון די גלאז־וואזען, האט ביי יעדען שטענגעל אפגעשניטען א שטי־קעל פון אונטען, זיי זאלען בעסער קענען איינזויגען ס'וואסער, — האט זיי אלע אריינגעלעגט אין א פלאכער וואסער־שיסעל, וועלכע זי האט אוועקגעשטעלט פאר'ן פענסטער.

„קום — — —" האט געזאגט דער הויזהאר „ס'איז שפעט און דו ביזט מיעד — — —"

„ביי א צווייטער געלעגענהייט וועל איך אלצדינג אראנזשירען אין בלאה!" האט זי געזאגט „א בלויזיידענער לאמפ־שירם, בלאהע היאצינט־בלומען, שא, צי איז פאראן עפעס א בלאה איינגע־מאכטס ? ! אפשר פון יאגדעס — — — ?"

„ביזט א קינד — —" האט געזאגט דער הויזהאר און האט זי געקושט.

# דאָס קינדערמיידעל.

דאס קינדערמיידעל מיט די ליכטיגע בלאָנדע, זיידענע האאָר האָט געעפענט די פאָרערטיהר. „אה — —“ האָט זי געזאָגט „קיי־נער איז נישטאָ אין דער היים. די גנעדיגע פרוי און דער גנעדיגער הערר זענען געפאָהרען שפּאַצירען מיט׳ן קינד“.

„איך וועל דאָ צו־וואַרטען“ האָט געזאָגט דער יונגערמאַן.

ער האָט זיך געזעצט אין דער קיך אויף אַ הילצערן בענקעל.

אַלצדינג האָט געבלישטשעט, די בלאָהגרויע קאכעל־שטיינער, דער דיקער, מעשענער קראַן פון׳ם וואסער, דער רויטבריינער דיל פון קליינע שטיינדלעך מיט די מאטע ווייסע און בלאָהע פלע־קען — — — און דעם מיידעל׳ס זיידענע האאָר.

ביים אָפענעם פענסטער זענען געהאנגען אויף דער צוויינ געל־גרינע וויינטרויבען.

דאָס יונגע מיידעל איז געשטאַנען אנגעלעהנט אָן דער טיהר.

„ווי איז עס אייך געגאַנגען צו לאַנד, עמיליע? — — — —“

ער האָט געוואוסט אז זי האָט ליעב דאָס דאָרף און אז זי בענקט אהינצו — — —.

דערנאָכדעם האָט ער געזאָגט: „ס׳איז היינט זעהר אַ שעה־נער הערבסט־אָוונד — — — !“

„אין דער שטאָדט — — ? !“ האָט זי געזאָגט.

עס איז געוואָרען טויט־שטיל.

נאָר די וואסערטראָפּענס פון׳ם גלאַנציגען וואסער קראַן האָ־בען געקלאַפּט אויף דעם מאַרמאָר־דעקען — — פּלאָפּ, פּלאָפּ, פּלאָפּ.

„האָט איהר קיינמאָל נישט קיין פרייען טאָג? !“ האָט ער גע־זאָגט.

„צו וואָס? צו וועמען זאָל איך געהן? ! איך האָב קיינעם נישט — — —“

„איהר האט זיך דא זעהר גוט". האט ער געזאגט „איהר האט זעהר ליעב ס'קינד, און אייערע הערשאפטען זענען איידעל און גוט, איבערהויפט די מאדאם".

„יא".

זי איז געווען בלויז אכצעהן יאהר אלט, האט געהאט א בלוט־און־מילך פארב אין די באקען, א פיינעם שטעל. אלע האבען זי ליעב געהאט, בפרט דאס אינגעל, דאס קינד. אך! — — דאריבער אז עמיצער האט איהר געזאגט „איהר האט זיך דא זעהר גוט", פלעגט זי ענטפערען „יא".

דער יונגערמאן האט געטראכט: „צעהנטויזענד אומגעבוי־רענע וואונשען דרעהען זיך ארום אין אזא יונגען קערפער — — — !"

ער האט געזאגט: „וואס טוט איהר ביינאכט ווען ס'קינד שלאפט ? !"

„גארנישט" — — — האט זי געזאגט.

„דאס קינד ווערט דאך אנטשלאפען ארום זיינער אכט — — ? !" האט ער געזאגט.

זי האט געשוויגען.

דערנאכדעם האט זי אראפגעלאזט די אויגען און געזאגט:

„ווען איך זאל האבען די הערשאפטען'ס נעכטיגע צייטונגען — — ! אבער א הויז דעם דארף מען האבען ליכט, און דאס קאסט געלד —"

צו מארגענס האט איהר יונגע מאדאם צו איהר געזאגט:

„עמיליע, איהר קענט יעדע נאכט נעהמען צו זיך אין צימער אריין די נעכטיגע צייטונגען — — —. איך האב געקויפט א הויכען זאפאנישען וואנד־שירם, כדי ס'קינד זאל נישט געשטערט ווערען פון אייער לאמפ — — — !"

„מיין לאמפ — — — ? !"

„יא. איך האב אייך געקויפט א לאמפ צום לעזען".

„אה, גנעדיגע פרוי — — —" האט געזאגט דאס יונגע מיידעל און איז בלאס געווארען.

אבער דער יונגערמאן פון אט־דא־אנומעלטען האט געטראכט: „צעהנטויזענד אומגעבוירענע וואונשען דרעהען זיך ארום אין אזא יונגען קערפער. זעה אז איינער פון זיי זאל געבוירען־ווערען, דערפילט־ווערען — — — און דעמאלט וועלען בלייבען בלויז נאך ניין־טויזענד ניין־הונדערט ניין־און־ניינציג!“

---

# אויפ'ן נאכט־קאנצערט.

דער זאאל איז פיערעקעדיג, שנעע־ווייס — און ווי א ריזיג שאכטעל פון הארטען פאפיער. דאס ליכט גלאנצען דורך דעם שווערען גלאז, וואס רופט ארויס געלגרינע און וויסגרינע פייער־פלעקען. די לעצטע בלישטשען ווי גלאנציג וואסער אדער עהל, ווי מילך אין לבנה־ליכט.

רעכטס פון איהם איז געזעסען זיין גאלדבלאנד שוועסטערל אננעטון אין קאווע־פארביגען־סאמעט. זי האט זיך אין דער היים גע־בארען, זיך געטומעלט, געהאט אויסצעשטעהן אלערליי שטוביגע זאכען, וואס זענען נישט אננענעהם. איצט האט זי געוואלט געפינען עפעס וואס זאל זי גרינגער־מאכען, דערוויטערן. זי האט געקוקט אין דעם ריזיגען פאפירענעם קעסטעל מיט די גאלדגרינע גלאנציגע פייער־פלעקען — — —.

„הפנים אז מען בלייבט אומעטום דאס וואס מען איז“ — — — האט זי געפיהלט.

די שפיעל־אינסטרומענטען האבען געזאגט: „ארויס פון דער וואנע — —!“ „מאריע, טייערע מאריע!“ — — „זייט אזוי גוט און פערמאכט דעם קראן“ — — „ווי שעהן איהר זענט, פריילין — — —“ „וואו איז מיין זיידען־טיכעל? — ביטע, א פאאר קרייצער פאר דער גארדעראב!“ — — „נו, ריהר זיך שוין!“ — — — „איז פאראן ערגעץ א פריהלינג?! — —“ „וואס איז אזוינס מוזיק?!“ — — —

לינקס פון איהם זענען געזעסען צוויי שוועסטער, יונגע פרויען, באקאנטע. איינע פון זיי האט געטראגען א פאנזשי־בלוזע מיט רובינ־צירונג און זי האט געהאט שווארצע אויגען ווי די האלבע נאכט. אט־די אויגען האבען געזאגט: „איך וויל ברענען! צינדט אן א פייער! איך וויל ברע־נען — — —!" די אנדערע האט געטראכט: „דאס לעבען האט שעהנע דעטאלען, אזוי ווי ס'קווארטעט. אבער וואו איז עס? מען צעהלט און מען צעהלט — — אניטא איז מיער. צעהלען מאכט מיער, נישט אזוי?! ווען איך זאל האבען צעהנטויזענד?! איך וואלט עס אריינגעלעגט אין א גאלדען קעסטעלע, און דאס שליסעלע וואלט איך געווארפען אין ים אריין — — —"

די פידלען האבען געזונגען.

זי האט געטרוימט: „העלגאלאנד — — א, מיינע זומערטעג — — — אינ'ם ים — — —"

דאס פרייליין אין קאווע־פארב האט געטראכט: „די פיערערען אט־דא אויבען זענען שווארץ־אנגעטון און צענויפגעדריקט, זיי מוזען זיצען זעהר נישט־באקוועם און יעדער פון זיי צעקנייטשט זיין אייגענעם פראק. עס איז קייזערליכע מוזיק. דער ערעלסטער קונסט־גענוס. יא, געוויס. די אפערא האט מעהר פארבען — — —"

„די אפערא האט מעהר פארבען — — —" האט זי איצט באשלאסען אויפ'ס ניי און איהר פריש־געבאדענע הויט האט אנגעהויבען זיך ארויסצוגעפלען אין דער קאנצערט־לופט.

זי האט געטראכט: „האב איך צו־געשטעקט דאס פלעשעלע א־דע־קאלאן? האב איך אוועקגעלייגט דאס פרישע נאכט־העמד וואו מען דארף? האב איך — — —"

די דאמע האט געזאגט צו דעם הערר: „איהר מוזט זעהען העלגאלאנד — — — איך האב געטאנצט דעם טאנץ מיט די מאטראזען — — —"

געהייסט האט עס: „יא־יא. אט אזא איינע בין איך, צי דו גלויבסט מיר, צי נישט. אט־אזא־איינע בין איך — פון צייט צו צייט".

„פסט — —" האט מען געזאגט.

זיסע טענער האבען אנגעפילט דאס ווייסע פאפיער־קעסטעל, רוי מיט באנבאנעס.

די טשעלא האט זיך איצט ארייגגעכאפט אין איהר הארץ ארייז — — —.

„וואס קוקסטו מיך אן, מענש ? — הער דיך בעסער צו — — —" פויזע.

„העלגאלאנד — — — איך טאנץ מיט די מאטראזען !"

„די איידעל קינד מיינס — —" טראכט דער הערר „האבען זיי דיך נישט דערקוועטשט ? !"

„פון וואנען קום איך ?" — — פיהלט זי פלוצים „וואוהין געה איך ? ! איך וואוין אויף גרויסגאס נומער 17, ערשטער שטאק, נומער 5 אויף דער טיהר. אין פאר־הויז איז פארהאן א רויטער טע־פיך און אן אלטמאדישער שפינעל. אזוי ווי א קליינע תפיסה איז עס — — —"

„העלגאלד, איך האב געטאנצט מיט די מאטראזען — — — !"

דאס פריילין אין קאווע־פארב טראכט : „איך האב קיינעם נישט — — —"

שטילערע מוזיק.

שטארבענדיגע.

„אזוי ווי שאטענס — — —" זאגט די יונגע פרוי.

„וואס פלוידערסטו ?" — טראכט דאס פריילין „אזוי ווי שא־טענס — — —"

די פידלען זענען זיך פערגאנגען : טי־טי־טי־אי — — — —"

אויף דעם האט די טשעלא געענטפערט מיט א לייכטער וויע־דערהוילונג פון דער אלטער טעמע, אבער נאר אזוי־א, פון אויבען אויף שא — — — נישטא. — — —

„ווי שאטענס" — — —

אלע האבען געזאגט „בראוואָ". אזוי ווי מען וואלט צומביי־שפיעל געזאגט : „בראוואָ' א קינד איז געשטארבען".

אייגענטליך האט מען איצט נעזאלט הערען א פארשטיקט געוויין.

די יונגע פרוי נעהמט ארויס דאס אפערא־גלאז פון דער זייד־דענער האנדטאש. נעהמט ס'גלאז צו די אויגען, ארויף, אראפ, אראפ, ארויף. — — —

דאס פריילין טראכט: „איז עס געוועזן אהן געשמאק, אדער בלויז טרויריג?!"

אין דער ערשטער רייה זיצט פרוי מ. זי באקומט אלצדינג אין לעבען פון דער ערשטער האנד. אפילו איהר זשאקעט איז פון אן אריגינעלען מאדעל: העלגרינע זייד און גרינבלאהע גלאזפערלען. וואס מינען־זיך אינ'ם ליכט. זי טראכט: „ווי אנגענעהם דאס לעבען איז און אזוי איינפאך און ווי שעהן די הערען מוזיקאנטען שפיעלען! וועט דער הערר מאקס מיטגעהן צום נאכטמאהל?!"

די גאנצע ערשטע רייה האלט זיך פאר קעניג לודוויג, און יעדער מיינט אז מען שפיעלט בלויז פאר א י ה ם א ל י י ן. אין דער אמת'ן פליהען די טענער ארום אין דעם ווייסען פאפיער־קעסטעל אזוי ווי דיינע שמעטערלינגען, צעקלאפען זיך אן די גאלדגרינע פלעקען פון די לאמפען — — — אבער אין די ערשטע רייהען שוועבען זיי פארזיכטיג איבער די קעפ ווי איבער בלומען.

דער מוזיק־דירעקטאר זיצט נידריגער פון דער ביהנע. זיין אויער איז פול מיט לאבירינטען, אפגרונדען. א דינער פארעם פיהרט צום וועלט־גייסט!

אלע זאגען „בראוואָ!" — — —

ער פיהלט: „א קינד איז געשטארבען — — —"

„איהר מוזט זעהן העלגאלאנד — — —!" זאגט די פרוי צו דעם הערר „איך וואלט אייך געוואונשען איהר זאלט עס זעהן!"

„איהר זענט ווי א מושעל, אין ווייעלכען דער ים זינגט נאך א לאנגע צייט נאכדעם ווי עס איז שוין — — —"

דערנאכדעם האט זיך אנגעהויבען א נייער מוזיק־נומער.

דאָס קלאַוויר האָט געזאָגט: „נאָכדעם ווי עס איז שוין, נאָכ־דעם ווי עס איז שוין — — —“ און האָט געטאַנצט דעם מאַטראָזען־טאַנץ. די טשעלאָ האָט פערכאַפּט ס׳האַרץ. ניין, עס האָט צענויפּ־געדריקט ס׳האַרץ און עס צוריק אָפּגעלאָזען. מיט אַמאָהל איז גע־וואָרען אַזוי שעהן — — — אָדער אַבשר האָט זיך נאָר אַזוי גע־דאַכט. — — —

„ווי דאָס באָדען זיך אין ים — — —“ האָט די דאַמע געפּיהלט. „ווי העלגאָלאַנד און ווי דער זומער און ווי אַ סטאַדע געלע שאָף וועלכע ווערען געטריבען דורך אַ זוניגען דאָרף און ווי דער דופּט פון קאַרטאָפּעל פעלדער פאַר־נאַכט, ווי גוטע זופּ ווען מען איז געוועזען קראַנק ווי „ביטערזים“־געטראַנקען און ווי „ענדליך ביזטו מיט מיר!“ — — —“

דאָס פרייליין האָט געטרוימט: „האָב איך דען עמיצען? — —“

דער הערר האָט אָנגעקוקט די העלגאָלאַנדעריןֹ, „ביטע, רעכנען נישט אַריין דעם־דאָזיגען בליק אין חשבון — —“

„ניין“ — האָט זי געענטפערט מיט איהרע מילדע אויגען „איך וועל נאָך צו־לעגען אייגענע!“

„און וואָרף נישט דאָס שליסעלע אין ים אריין — — — !“

„און וואָרף נישט דאָס שליסעלע אין ים אריין — — — !“

קלאַוויר, ערשטע פידלע, צווייטע פידלען, טשעלאָ׳ וויאָלאָ — אַלע האָבען געזונגען: „וואָרף עס אריין אין ים, אין ים, אין ים — — —“

דאָס פרייליין אין קאַווע־פאַרב האָט געטראַכט: „אָט דאָס־אָ קלינגט באמת אַזוי ווי „איך האָב קיינעם נישט, קיינעם נישט, קיינעם נישט — — —“



# אויפ'ן לאנד.

אניטא און אלבערט זיצען נאכמיטאג אויפ'ן גאניק פון זייער ווילא ביים ים.

דער גאניק פינקעלט מיט רובינרויטע וויינבלעטער.

אלבערט רויכערט גומע ציגארען, לייענט „זשערמינאל, זאלא".

די דאמע בליקט צום גארטען־ביים־ים.

אויף די קוסטען הענגען רויטע, דורכלייכטענדיגע יאגדעס, אין שווארצע נישט־דורכזיכטיגע. קליינע פייגעל האבען אהן שום גערויש פארלאזען א צווייג, זענען שא־שטיל אוועק. די לאנקעס האבען געהאט אויף זיך פארביגע הערבסט־טופעלעך. די צווייגען פון די בוכענביימער זענען געווען ווי פיינע ברוינע נעצען, אנגעצויגען אויף א ליכטיגבלאהען הינטערגרונד. ברוינע בלעטער האבען זיך ארומגעבאמבעלט אויף אט־די צווייגען, ווי מיעדע, איינגעשלאפענע שמעטערלינגען. פון די נים־ביימער האבען פאמעליכען אראפגערעגענט די בלעטער — — —. די דאמע האט געפיהלט:

„דער נאטור'ס זיי־געזונט — — —"

ד דאמע האט ארויסגעבליקט אויפ'ן ים.

דער ים:

זייגער 5: בלישטשענדיג ווי שארפגעשליפענע שווערדקלינגען אין געפעכט. די געבערג זענען ווי אנגעצונדענע דורכזיטיקייט.

זייגער 6: ליכטיגבלאהע טייכען און שטרייפען אין בראנז־פארביגען וואסער. די געבערג ווערען ווי בלייכרויט גלאז.

א האלבע שעה שפעטער: דער ים איז לימוענע־געל פון דער זונ'ס אוועקגעהן. א הויך ווי פון א העליאטראפ־אטעם. די געבערג ווערען ווי דער אמעטיסט־שטיין.

זייגער 7: קופער־רויטע און פלאשגרינע שטרייפען און טייכען אינ'ם גראהען וואסער. די געבערג לעשען זיך אויס, פערבלייכען — — —.

דער באנקדירעקטאר מאכט־צו זיין בוך, פארקנייטשט א שפיץ־בלאט פאר א סימן: ער טראכט „זשערמינאל! דאס איז די ערשטע טרעפ: דער קעלער פון דער מענשהייט. ארבייט אונטער דער ערד און ווייניג נשמה — — —. מיר זעגען די צווייטע טרעפ: ארבייט אויף דער ערד און אביסעל נשמה — — —. אניטא איז די דריטע טרעפ: גארנישט קיין ארבייט אויף דער ערד, און אזוי פיעל נשמה — — —“

ער ריהרט לאנגזאם אן זיין פרוי'ס האנד, זאגט מיט א שמייכעל: „קום צוריק אריין! — — —“

דאן געהט ער אריין, פארשליסט פאמעליך די גלאזטיהר פונ'ם גאניק.

צווישען 8 און 9: דער ים איז ווי בליי, ווי צענויפגעדריקט. די געבערג זענען וויים־גרוי, ווי א גע'חלש'טע יונגפרוי.

דער קליינער, רונדער טייך דארט־ערגעץ גלימצערט ווי זילבער: „גוטנאווענט לבנה־שעהנע! — — —“

„גרייט נאך דערווייל נישט דעם נאכטמאהל, מאריאנע — — —“ זאגט דער מאן אינוועניג צום דיענסט־מיידעל „מיר'ן ווארטען — — —“

---

# געזעלשאפט.

די געלבליך־ווייסע, פעטע, אויפגעבלאזענע לאנגווייליע איז ארומגעקראכען אויפ'ן טונקעל־רויטען, ווייכען טעפיך פונ'ם זאלאן. זאלאן — — —.

דער בהרחבה'דיגער שוויין האט עפעס א ווארטשע געטון.

דערנאכדעם איז זי ארויפגעקראכען אויף דער שויס פון דעם וואונדער־שעהנעם מיידעל, די טאכטער פונ'ם הויז און האט זי ברייט געקושט אויף די ליפען — — —.

דאן האט דאס שעהנע מיידעל אנגעהויבען צו געניצען —

אבער קיינער האט עס נישט באמערקט.

די יונגע פרוי אין ברוין־זיידענעם קלייד איז געזעסען לעבען א יונגען, בהרחבה'דיגען שוויין.

זי האט געטראכט: ווי אזוי באטרעפען 4 זעק קוילען 6 קראָ־נען? ! דער קוילענמאַן האט זיך מסתמא שוין אליין אריינגערע־כענט דאס טרינקגעלד — — ! ?"

אבער ווייל ער איז געווען א ר י י כ ע ר שוויין און פון שעה־נעם יחוס, האט מען שפעטער געזאגט: „אט־דער הערר ט. איז פיין, צוריק־געהאלטען, באשיידען — — — ער האט זעהר גוטע מאניערען".

די יונגע פרוי, ביי וועלכער עס האט נישט געשטימט דער חשבון וועגען די 4 זעק קוילען, האט געזאגט מיט א שמייכעלע, אויף פראנצויזיש: „א לאכענדיגער מענש".

דער לאכענדיגער „מענש" האט אבער גארנישט געלאכט — —.

אדרבא! ער האט אויסגעזעהן ווי איינער וואס מען האט איהם דורכגעשניטען די אדערן. אזוי לאכען געוועהנטליך „געזעלשאפט־מענשען".

„אייער שוועסטער, הערר ט., איז זעהר א ליעבענקע — — —"

„א", האט א וואָרטשע געטאן דער בהרחבה'דיגער שוויין.

ער האט געוואלט זאגען: „עס איז זעהר ליעב פון אייך, מיין גנעדיגע!"

„יא, אין אייער שוועסטער איז פאראן עפעס אזוינס, עפעס אזוינס — — —" האט געזאגט די דאמע און זיך פארקוקט אויף דער שטיקעריי פון די ווייסע פארהאנגען. ווי זי וואלט וועלען אראפ־נעהמען ס'מוסטער. „וואס זענען דאס פארא בלומען? !" האט זי געטראכט.

די שוועסטער, וועלכע האט אין זיך געהאט „עפעס אזוינס", איז געזעסען און געטראכט: „וועט ער קומען?" — — — —

אבער ער איז נישט געקומען.

„עפּעס אזוינס" האָט מען נאָך באמת קיינמאָהל נישט געזעהן. זי האָט פאַרמאַגט אַ פּאָאַר אויגען ווייטער גאַרנישט. אָבער קיינ־מאהל האָט מען נישט געזעהן אַ פּאָאַר אויגען וואָס זאָלען אזוי יאָ־מערליך שרייען: „גוואלד, באַר וואָס קומט ער נישט?" — — —

פלוצים איז די געלבליך־ווייסע, פּעטע, אויפגעבלאָזענע לאַנג־ווײלע פאַרבייגעקראָכען לעבען איהר, האָט זיך געזעצט אויף איהר שויס און האָט זי ברייט געקושט אויף די ליפּען.

זי האָט אָנגעהויבען צו געניצען.

אָבער קיינער האָט עס נישט באַמערקט. זי האָט געגעניצט נישט נאָר מיט'ן מויל, נאָר מיט די אויגען, מיט'ן האַרץ.

דער יונגער לייטנאַנט האָט געטראַכט: „היינט איז דער באַל פון די פּיאַקער־לייט וועט דאָס מיידעל גיזעלא — — —. איך וועל אַוועקגעהן גלייך נאָכ'ן עסען. איך קען מיך אַהין דערשלאָגען אַרום זייגער עלעף; גיזעלאַ — — —"

די לאַנגווײלע האָט אריינגעצוואונגען איהר גראָבע פויסט אין זיין מויל, האָט עס פאַנאַנדערגעעפענט.

דאָס האָבען שוין אַלע באַמערקט — — —.

ביים נאַכטמאָהל האָט געזאָגט דער זוהן פון'ם הויז: „אַט־די גאַבריעלע פּ. האָב איך אָנגערופען „די לעצטע וואַקכאַנטין פון'ם וויענער וואלד!" אַלצדינג אין איהר יובעלט! וואָס פאַראַ באַוועגונגען! וואָס פאַר אַ שטעל! — — יאָוואָהל!"

די דאַמען האָבען געהאַלטען, אַז די דאָזיגע באַמערקונג איז געמאַכט געוואָרען אָהן שום טאַקט.

„ווי קומט אַהער גאַבריעלע, איהר זאָלט מיר לעבען?!"

אַלע האָבען פיינט־געהאַט דעם זוהן פון'ם הויז — — —. „ווייל ער וויל שטענדיג זיין אָריגינעל — — —!" האָט געטראַכט פרייליין דעיזי.

די פעטע אויפגעבלאָזענע לאַנגווײלע איז אַרויפגעקראָכען אויף דער שויס פון דעם יונגענמאַן וואָס וויל שטענדיג זיין אָריגינעל.

אָבער ער האָט נישט געגעניצט, נישט אַפילו אין זיך אַריין!

ער האט זיך גענומען די בעסטע שטיקער עסענוואַרג פון דער שיסעל, צוויי ווייסע ברוסט־שטיקער פונ׳ם קאפּ־האָהן, און ער האָט עס באַגאָסען מיט זופּ־זאַפט ווי מיט אַ שלאַקס־רעגען. דאָס האָט איהם זעהר הנאה געטהון.

ער האָט געטראַכט: וואָס פאַר אַ מין טאַרט וועלען מיר היינט האָבען? און זי איז פאַרט „די לעצטע וואַקכאַנטין פונ׳ם וויענער־וואַלד" — — ! און איהר זענט מיר אַלע מאַראַליש — האָפּלאַ!"

נאָכ׳ן עסען האָט די טאָכטער פונ׳ם הויז געזאָגט: „הערר פאָן ס., שפּיעלט אונז עפּעס — — —!"

פאָן ס. האָט געשפּיעלט דאָס אינטערמעצאָ פון „ראַנטצוי". באמת וואונדערבאַר — — —.

די שוועסטער פון דעם שוויין איז געזעסען אין אַ ווייכען שטוהל און אַריינגעטרונקען אין זיך די ליעבוואוילע טענער — — —.

דער לייטנאַנט האָט געזאָגט גלאָט אַזוי: „מעג מען איצט אביסעל אַ טאַנץ טוהן?"

און ער האָט גאַרנישט געמיינט.

די העררען זענען געלעגען אין די ווייכע שטוהלען און געראוי־כערט — — —.

די לאַנגווייליגע איז אַרויסגעקראָכען צו דעם גאָלדבלאַנדען דיענסטמיידעל. וועלכע איז געשטאַנען אין עס־צימער און אָפּגע־ראַמט דעם טיש — — —.

דאָ איז אַריינגעקומען דער יונג וואָס האָט אויסגעפּונען „די לעצטע וואַקכאַנטין פונ׳ם וויענערוואַלד" און האָט דער גלאָרבלאַנ־דער אַ קוש געטהון אויף די ליפּען — — —.

דאָ איז די געלבליך, ווייסע, פּעטע, אויפגעבלאָזענע לאַנגווייליג שוין אביסעל ברוגז־געוואָרען און איז אוועק ווייטער, אינ׳ם פאָר־הויז, וואו עס זענען געהאַנגען אַ סך מאַנטלען און זיידענע טיכער און אַט־די־אַלע זאַכען האָבען זיך אָנגעהויבען גרינטליך צו לאַנג־ווייליגען. ווי וואויל זיי האָבען געשמעקט פון אַ־דע־קאָלאָן און אַנדערע מחיה׳דיגע פּאַרפּומען. אָבער נאָך אַ לענגערער צייט הערט

אויף דאָס זעלבסט־דופטעז היבשליך איבערדריסיג, בפרט אז עס און נישטאָ קיינער ווער ס׳זאָל זאָגעז „האַפּטשי — — — !“

דאָז איז די לאַנגוויילע געקראָכעז ווייטער, צווישעז די פינ־סטערע טרעפּ און אויף דער שווארצער גאַס ארוים און זי האָט זיך געשלעפּט צום באַל פון די פיאקער־לייט — — —.

דאָרט איז זי ארויפגעקראָכעז אויף דער שוים פון פרייליין גיזעלאַ, וועלכע האָט געווארט אויף דעם לייטנאַנט, און האָט איהר אַ ברייטעז קוש געטון אויף די ליפּעז — — —.

גיזעלאַ האָט אָנגעהויבעז צו געניצעז און האָט אויפגעמאַכט ס׳מויל אזוי ווייט ווי מעגליך — — —. אַבער קיינער האָט עס נישט באַמערקט. — — — ווייל אַלע זענעז געוועז פארנומעז מיט עפּעס אַ אויסטערליש־ווילדעז טאַנץ, און זענעז געוועז פון־זינעז־אראָפּ!

דער לייטנאַנט איז נישט געקומעז.

ער האָט זיך פּארבראַכט מיט דער טאָכטער פון׳ם הויז, ביי די קלאַנגעז פון אַן אינטערמעצא, און האָט נישט געוואוסט וואו ער איז אין דער וועלט — — — !

צו מאָרגענס האָט ס׳טעכטעריל פון׳ם הויז געזאָגט: „נאָך אַלעמעז האָט מעז זיך זעהר פיין אונטערהאַלטעז — — — !“

„נאָכ׳ן עסעז“! האָט פאַרענדיגט דער אריגינעלער יונגערמאַן און האָט געטראַכט פון גאָלדבלאָנדע האָאָר און פון עפּעס אנדערש.

---

## זונטאָג.

אין פּאָר־הויז שטעהעז די זעקס שטוהלעז וואָס זענעז איבער־געגאַנגעז בירושה. אַמאָהל האָבעז זיי געדיענט פּאָר עסצימער־שטוהלעז און האָבעז זיך אייגענטליך געפּאַסט צו מעבעל פון נים־האָלץ.

אויפ׳ן טיש איז געלעגעז אַ געשטיקט רויט־וואָלעז טישטוך, און דארויף איז געשטאַנעז אַ לאָמפּ פון קרישטאָלגלאָז.

די זאכען זענען געווען נישט־ניי, אבער זיי האבען זיך גע־האלטען פריש, א שעהנע, בכבוד'ע עלטער.

אין צימער ביים הויזהאר האט עס פיין־געפלאקערט אין אוי־ווען. עס האט געשמעקט פון טעפיכער און פון האלין.

„א, וואס פארא היץ — — —" זאגט שטענדיג דער הויזהאר, ווען ער קומט אהיים, קנעפעלט זיך פאנאנדער ס'וועסטילע דאס לייבעל מיט די גאלדענע קנעפלעך, סע ווערט איהם ענג — — —.

„ווייסיך, ווייסיך!" זאגט די פרוי „ס'איז בלויז, אז מען קומט אריין פון דרויסען — —"

„אבער איך קום דאך פון דרויסען!" זאגט דער באלעבאס, און פרופט אביסעל איינהאלטען דעם אויווען, ער זאל נישט אזוי פלא־קערען. ער פארעט זיך מיט די קליינע אויווען־טיהרלעך און קלאפט מיט'ן אייזערנעם פייער־שטעקעלע.

„עפעס אז אומרוה" — — — זאגט די פרוי.

אט־דער שמועס קומט פאר זעהר אפט. אייגענטליך ש ט ע נ־ד י ג. איבערהויפט זונטאג. און די קינדער פלעגען האבען ס'גע־פיהל ווי — — — זיי וואלטען אייגענטליך געוואלט א זאג טון: „וועגען וואס האנדעלט זיך עס, איך בעט אייך?!" דער אטעם פון דעם נייעם צייט־גייסט געהט פארביי און איהר פיהלט איהם נישט — — —" ווי וואויל אזא זאג וואלט זיך גארנישט גע־פאסט צום רומעל. אבער אז עס ווילט זיך זאגען! — — נאר אין גאנצען האט דאס הויז געמאכט א אומעטיגען און פאטריארכא־לישען איינדרוק. ווי איינער רעדט: „גאט זיי דאנק, קיין ג ר ע־ס ע ר ע און וויכטיגערע דאגות האבען מיר נישט — — —!"

איצט אבער איז דער בלייבער זוהן געזעסען ביים אויווען, זיך נעווארעמט און געווארט אויף די עלטערן.

ער האט געפיהלט: „זונטאג אין־דער־פריה". און „אן איינ־געפונדעווועטע שטוב" און „אה, מסתם גרינצייג־זופ".

ענדליך זענען אנגעקומען די עלטערן.

ביידע פערמאטערט פון קלעטערען אויף די טרעפ און פון די שווערע פעלצען.

וואו איז מען געווען? ביי דער טאָכטער פארשטעהט זיך. פון איין טאָכטער צו דער אנדערער, פון דער אנדערער צו דער דריטער, פון דער דריטער צו דער פערטער — אַ וועלטעלע!

„מען וועט רעדען פון די אייניקלעך“ האָט געטראכט דער זוהן, „גאָט, ווי אינטערעסאנט דאָס איז. איך האָב נאָר ליעב קליינע מיידלאך, זיי האָבען חן, שמעקען גוט און מען קען קושען זייערע האאר — — —“

ער האָט געוואוסט, אַז ער וועט אַ זאָג־טון עפּעס אַ האַרב וואָרט וואָס וועט קאליע מאכען די שטימונג, אַ דרעה־טון די נערווענשליסעל, ביז וואנעט דאָס אינסטרומענט וועט זיין פעסט אָנגעצויגען — — —.

„עלטערן זענען אַ שאבלאָנע זאַך!“ האָט ער געטראכט „אַלצדינג איז שאבלאָן — — —“

נאַטירליך האָט מען געשטעלט צום טיש גרינצייג־זופּ.

„די יויך איז אזוי ווי אַ פייער! — — האָט געזאָגט דער אַלטער „אַלצדינג איז ביי איך היים, היים — — —“

„ביי איך!“ גלייך ער אַליין וואָלט נישט געווען „איך“! פון אַזוינע מין אויסדריקען קומט נישט אַרויס קיין גוטס. עס רופט אַרויס אַז אַלט, באַלד־פערמעקט בילד פון אַ קאַמף וואָס איז קיינמאָהל נישט פארגעקומען און וועלכער וועט קיינמאָהל נישט פאַרקומען. אַ פראָטעסט קעגען — — — נו, מילא, לאָז זיין שטיל, בעט מען איך! — — —

„לאָז אויסקיהלען די יויך“ — — —זאָגט די מוטער „ס'איז אַ פייער ביסעל יויך, געה דו אַלטער, זיי נישט אזוי — — —“

„טאָלסטאָי זאָגט — — —“

„מען ווייסט שוין וואָס טאָלסטאָי זאָגט, עס בעסער די זופּ —“

„טאָל־סטאָי — —“ טראכט דער זוהן „כאָטש איינמאָהל ריכטיג אַרויסגערעדט דעם נאָמען. ס'רוב געהט עס אזוי: „ווייסט איהר וואָס טאָלסטאָי זאָגט? — — —“

אָבער קיינער וויל נישט וויסען וואָס טאָלסטאָי זאָגט, מען

ווייסט אַז ער זאָגט נישט קיין גוטס, אַז ער האָט אַ משונה'דיגען בליק אויף זאַכען.

די מוטער האָט אַנגענומען דעם זוהן'ס טבע צו ציטירען, גלייך ווי אַן אַנדערע נאַטירליכע שוואַכקייט, ווי דאָס „זופּען מיט דער נאָז" אָדער עפּעס ערגערס. — — דער זוהן האָט וועגען דעם גע־טראַכט „געבראַכענע פליגלען פון אַן אַלטען אָדלער. לאָז זיין אַזוי. וואָס קען מען טון ? — — —"

„די יויך איז — אַ יויך" האָט געטראַכט די מוטער „זי קאָסט געגנוג. און די פריהערדיגע דורות האָבען זיך גאַנץ שעהן גע־לעבט און זענען געווען געזונט. איך זעה נישט איין, ס'זאָל עפּעס דאַפון אַרויסקומען. איהר געהט איטליכס יאָהר צום צייהן־דאָק־טאָר. — — יויך דאַרף זיין ה י י ם — — —"

מען דערלאַנגט פליש מיט גרינצייג. שעהן־געריבענע מעערען, פיין־ווייסע קאַרטאָפליעס און אַנדערע גאַרטענוואַרג.

עס האָט זעהר שעהן אויסגעזעהן.

„ווער האָט געלייענט דעם היינטיגען פעליעטאָן אין דער צייטונג — — ? !" האָט געזאָגט דער פאָטער „עס איז זעהר, אַזוי צו זאָגען, פּלאַסטיש — דורכאויס — — — אָט אַזוי זאָלסטו שרייבען' אַלבערט. — — —"

„אַ שמירעריי ! — —" זאָגט דער זוהן' וועלכער איז אַ היבש ביסעל ענטוישט דערפאַר וואָס מען רעדט נישט וועגען די איי־ניקלעך. צו וואָס זאָל ער אויסלאָזען זיין האַרץ ? — —

אין אמת'ן האָט ער אויף די עלטערן בלויז רחמנות געהאַט, ער וואָלט זיי גערן געלאָזט אין זייער וואַרימען טומאַן, לעבענס־טו־מאַן — —. סיי־ווי־סיי זענען זיי שוין נאָהענט פון — — — „אייער גליק איז די רוה" האָט ער געפּיהלט.

אָבער מיט די אַנדערע־דאָ די „פוילע, שלאָבריגע יוגענד", מיט זיי האָט ער זיך געוואָלט פאַרטשעפּען, קעמפען, באַליידיגען — — „איהר וואַרטענדיגע, פוילענדיגע, זומפּענדיגע, איהר זומפּ־זשאַ־בעס — — — !"

בכלל האָט ער באַדאַרפט האָבען אַ שטענדער, אַן אָרט פון וואַנעט אַראָפּצודונערן, אַזוי ווי דאַנטאַן, מאַראַט, ראָבעספּיער — — —.

„איהר ווילט טראָגען קאָרסעטען, צענויפקוועטשען אייער מילץ, אייער לעבער? אויף דער גילאָטין זאָלט איהר מיר געהן! איהר ווילט געניסען פונ׳ם גליק, היינט, בעת הונדערט מיליאָן מענשען — — —? ! אויף דער גילאָטין זאָלט איהר מיר געהן! איהר ווילט רוה, פריעדען? ! אויף דער גילאָטין זאָלט איהר מיר געהן!"

ער האָט געוואוסט אַז די אומרוהיקייט, אָט־די אינווענינגסטע אומרוהיקייט איז דער קוואַל פון פראַגרעס, פאָרשריט, פון „זיך־באַדענקען", פון „איבערבייטען־זיך". און אומעטום האָט ער זיך באַגעגענט מיט דער באַנאַלער באַדערפניש נאָך רוה, רוה, רוה — — ! די עלטערן ווילען רוה, די פערהייראַטע מענער ווילען רוה, די פערהייראַטע פרויען ווילען רוה, די טעכטער, אפילו די חתנים און כלות — — — אַלע שטראָמען פיהרען צו די דאָזיגע סם־זומפּען רוה — — —.

מיין גאָט! איז דען דאָס די רוה, די הייליגע רוה ווי עס באַזינגט זי דער גרויסער דיכטער? „איבער אַלע באַרגשפּיצען איז רוה? !" — —

ס׳איז נאָר אַ באַטויבונג, אַ היהנערפלעט, אַ שלאָף־געטראַנק —.

אַזוי איז דאָס פאַמיליענלעבען! — — — און וואו איז עס דען אַנדערש? אַלצדינג איז איינגעטונקען איז שלאָף, ליעבע, שיכרות, פאַטריאָטיזם — — נו, וואָס? יאַ — ו ו אַ ס? — — — אהאַ, די קונסט, דאָס לעבען פון דיאָגענעס, פון כריסטוס — — ! באַוועגונגען פון דער נשמה, פון גייסט, וועלכע ברענגען די כוחות צו נייע קאָמבינאַציאָנען, שווענקען־אַוועק די פויל־שטאָפען, זענען גורם אַ קליינעם וויכערווינד, אַ קעסעלגרוב. קורץ, — ער האָט געטראַכט: צום טייפעל, מענש־זיין הייסט: זיך־באַוועגען, זיך אַוועקבאַוועגען פון זיך זעלבסט, וואו־נישט־איז, אַהין, אָדער אַהער, אַבי אַוועק, אַוועק — — —.

„מיר האָבען אַ טייערע היים, ברודער — — —" האָט געזאָגט די צאַרטע שוועסטער „דו וואָלסט בעדאַרפט — — —"

ער האט זי אנגעקוקט.

„דו קעהרסט זיך אפ פון אונז" — האט געזאגט די שוועסטער.

„פארוואס — — ? !"

„אה !" האט ער געזאגט „איך בעט אייך, מאכט נישט איבער־אכטאג־זונטאג קיין גרינצייג־זופ — — — !"

„נישט מאכען ?" זאגט די שוועסטער „פארוואס ?" —

„מאכט שוין בעסער קארטאפעל־זופ — — — !"

א „פאלשע יויך ?" — אויף זונטאג ? וואס רעדסטו ?

„זאל זיין א פ א ל ש ע !" — — זאגט ראבעספיער און פער־לאזט די ביהמע מיט א מינע פון איינעם, וואס האט איינגענומען די וועלט.

„איך וועל עס איבער־רעדען מיט דער מאמען" — — — טראכט די צארטע שוועסטער.

---

# ווי אין גריכענלאנד.

גריכענלאנד ! אט־די שווערע, טעמפע זינליכקייט, דין־אויפ־געלעזט אין עסטעטישען עמפינדען ! די מאטעריע באזיעגט פון דעם וואס זי שטראהלט פון זיך ארויס — פון שעהנקייט ! אין באוועגונג באפרייט ! אין גראציע פאר'כישוף'ט !

ער איז געזעסען אין א שפאציערגארטען. ארום איהם אויף אלע שטעגען, אין די אלעען, שווער־געבויטע ווערענס — — — מענשען !

עס שוועבט פארביי א ווייס, באטיסטען קלייד — — — אש־בלאנדע, צעשטראמטע לאנגע, זיידענע האאר. שלאנקע צארטע פיס אין שווארצע זאקען. זי איז דרייצעהן יאהר אלט. העכער פון דער קניע זעהען זיך ארויס די ווייסע אונטערהויזען. זי פליהט איבער'ן וועג מיט איהר רייף. אלצדינג פליהט מיט. אלימפישע שפילען !

ער קוקט איהר נאָך, זי גיט זיך אַ קעהר אַן אַ זייט און פליהט פאַרביי.

„ווי שעהן דו ביזט!“ אָטעמט ער ארויס „דו ביזט אַ מענש!“ — — פיהלט ער „דו באַוועגסט דיך“.

זי קעהרט זיך ווידער אום, אין פיינע רונד־ליניען. די רייף טאַנצט — — — טאַנצט.

„אַך, דיך צו זעהן נאַקעט, גאַנץ נאַקעט אויף אַ דופטיגער, כאַמעטענער לאַנקע, זעהן ווי דו טרייבסט נאַקעטערהייד אַ רייף, און ווי דו פליהסט — פליהסט! און דערנאָכדעם שטעהסטו לעבען מיר, די בלאָנדע האָאר פערוואָרפען אויף אויגען. און מיר טרינקען מיט די אויגען דיין שלאַנק, ווייס ליב, דיין דורכ'ן־קערפער־צום־לעבען־געבראַכטער נשמה — אין שעהנקייט־ליעבע!“

ער האָט געזאָגט: „פרייליין, אַ רייף איז זעהר אַ שעהנע זאַך“ — — —

„פאַרוואָס?“ — זאָגט דאָס קינד־יונגפרוי, „בלויז אַ געבויגען שטיקעל האָלץ — — — עס געהט גאַנץ לייכט. אָט־אַזוי־אַ — —“

ער האָט זי אָנגעקוקט ווי מען קוקט אַן עדעלען טענענבוים אין'ם וואַלד, ווי מען שטוינט־נאָך דעם פליה פון אַ רויב־אָדלער איבער אַן אַוועגדליכער שטילקייט, אַ ש־יאַן אויפ'ן טייך, אַ קינסטלער־נעזיכט וואָס איז באַשעהנט פון אַ געדאַנק. ער האָט איהר נאָכ־נעשטוינט ווי מען שטוינט־נאָך דאָס פרייע, עדעלע, נאַטירליכע — אין שעהנקייט־ליעבע!

זי איז ארומגעפליגען ארום דער גרויסער לאַנקע און איז שטענ־דיג געבליבען נאָהענט פון איהם. זי איז געוואָרען מיעד. זי איז געבליבען שטעהן, די ליעבליך־שעהנע, אנגעלעהנט אויף איהר האָלץ־רייף — — — און זי האָט איהם אָנגעקוקט.

דיאַנאַ — — — !

ער האָט געזאָגט: „איהר וועט זיך פאַרקיהלען, איהר זענט איינגענעצט פון שוויים. דאָס לויפען האָט אייך בלאַס געמאַכט“.

„איך בין שטענדיג בלאַס“ האָט זי געזאָגט.

„און דאָך מוזט איהר זיך באַוועגען. עס איז אייער נאַטור“.

איך האב ליעב באוועגונג!" האט זי געזאגט.

זי האט זיך געזעצט אויף דער באנק לעבען איהם.

ער האט געפיהלט: „דו ביזט אין ו ו ע ר ע ן". ער איז נע־ווען פארזונקען אין שעהנקייט־ליעבע — — —.

מיט די אויגען האט ער געטרונקען די שעהנקייט פון אט דעם מענשען־קינד און האט זיך דאמיט פאר'שיכור'ט.

איהר קלייד האט געשמעקט פון הייסער, קינדישער ליעבשאפט.

די האאר האבען געשמעקט — — —.

איהר זיסער אטעם האט איהם אנטקעגענגעשטראמט. — — —

אין די לינדענביימער האבען געשמעקט די געלגרינע צוועטען. צוויי אטעמס פון דער נאטור!

זי איז געזעסען שטיל אהן באוועגונג — —.

ער האט זי צו־געצויגען צו זיך און איהר א קוש געטון אויפ'ן שטערן.

זי איז געזעסען שטיל, אהן באוועגונג. דערנאכדעם האט זי זיך אויפגעהויבען און געזאגט:

„אדיע. וועט איהר מארגען אויך קומען?!"

און גריכענלאנד איז צערונען געווארען אויף די גראהנעפעל־דיגע לאנקעס. — — —

ער האט איהר נאכגעבליקט: דיך, דיך צו זעהן א נאקעטע, א גאנץ נאקעטע, אויף א דופטיגער לאנקע, צו זעהן ווי דו לויפסט נאך א רייף צווישען די אוועגשאטענס, דיך צו זעהן פליהען, פלי־הען — — — און ווען דו ווערסט מיעד, זעצסטו זיך אוועק לעבען מיר, ביים ברעג וואלד, אינ'ם אווענדשאטען. און דער דופט פון פייכטער וואלד־ערד און פון דער לאנקע און פון דיין לייב — דאס אלצדינג איינצואטעמען אין זיך, איינזויגען אין זיך די טיעפע וועלטשעהנקייט, אין אט־דער שעהנסייט וואס שטראהלט־אויס טוי־זענדפאכיג דורך יעדען אויג, וואס דרינגט אריין אינ'ם מח דורך טויזענדער אטאמען, צו וואקסען, צו ווערען פול, מעהר־ווי־פול, די שטיל־ליגענדיגע כוחות אין זיך אויסצובייטען אויף רייכער

ליעבשאפט, זיי צו פערוואנדלען אין געדאנקען, און דורך די גע־דאנקען ארויסרופען אין זיך נייע כוחות — אייביגע, קוואלענדיגע, נישט־צום־אויסשעפען'דיגע, אט דאס הייסט: זיין א „לעבעדיגער" מענש!!

אבער מיר? — מיר לעבען נישט!

---

## די פרימיטיווע.

נאכט־קאפע. 4 דער זייגער.

ביי א טיש זיצען זיבען „פארשפעטיגטע" אוןווארטען אויפ'ן פריהמארגען, דעם גאלדענעם, רויזיגען מארגען, ווי די טוריסטען ווארטען אויף איהם אויף די הויכע בערג פון דער שווייץ. אבער דא זעהען זיך נישט קיין בערג, פיהלט זיך נישט קיין בארג־לופט.

דער „פארשפעטיגטער" — דאס איז א מאשין וואס דאס לעבען האט אראפגעשטופט פון דער רעלס — א מענש. זי הויבט־אן ווי־גען־זיך, לויפט אהער, אהין, טוט־נישט־נוציגע זאכען, פארשווענדט קראפט — צו וואס? — פאלט איבער זיך אליין און בלייבט ליגען, ווי דער שיכור אין א רינשטאק.

אט־די לייט זיצען דא, גיבען־אוים געלד, רעדען און רעדען וועגען אלצדינג, ווי עס וואלט געווען שרעקליך וועלט־וויכטיג און זענען מורא'דיג פאר'שיכור'ט.

ביי יעדען צווייטעןווארט „געהט מען אין א נעוועט" און מען צעהיצט זיך.

ביי אן אנדערען טיש זיצען די קוטשערם, די פיאקער־לייט. זיי האבען אלע אן איינגערהאלטענע, פארשוויגענע רויהקייט. פון־צייט־צו־צייט ברעכט פונדעסטוועגען אוים דער שטורעם. אלצ־דינג איז ווי פארצויגען מיט א שטריק ביים האלז. אויסלאזען לאזט זיך אוים מיט — פערד.

„דו, קאנאליע, בעסטיע!" — — — א זעץ מיט'ן פוס אין בויך.

דאס פערד נעביך, „די קאנאליע", איז גאר אפשר ווייט פון דאנעט. אבער עס שטעלט מיט זיך פאר דאס ערגסטע. אלע ליידענשאפטען פליסען אין דעמדאזיגען קאנאל אריין — „פערד".

א יונג מיידעל מיט א וואונדערשעהן בלייך געזיכט, זיצט אנגעשפארט ביים טיש, לעבען וועלכען עס זיצט א בלייכער יונגערמאן.

„וואס פעהלט אייך?" פרעגט דער יונגערמאן און גיט קיים א ריהר־אן איהר שעהנע, ווייסע האנד.

„איך האב מורא פאר — —" זאגט דאס מיידעל.

„וואס וויל ער פון אייך, אט יענער דארטען?!"

„גארנישט. איך דענק, אז ער וויל מיך שלאגען, אזוי גיך ווי איך וועל ארויסגעהן אין גאס. איך האב מורא ארויסצוגעהן. איך דארף נישט קיין ליעבהאבער, איך דארף געלד, שעהנע קליידער. אבער ער וועט מיך שלאגען — —"

„קומט מיט מיר!" האט געזאגט דער יונגערמאן און זיך אויפגעהויבען.

ער האט געהאט אן אויפריכטיג מיטגעפיהל פאר אלע וואס רעדען מיט דעם אינגווענינסטען ווארט פון אמת, ווען אפילו דער דאזיגער אמת איז אזוי ברוטאל ווי די נאטור אליין.

„איך דארף נישט קיין ליעבהאבער, איך דארף געלד, שעהנע קליידער". די ווערטער האבען איהם באגייסטערט. ער האט ליעב אט יענע אלע מענשען ביי וועמען די שפראך איז א טייל פון זייער גאנצען וועזען, דער קערפער וואס איז פליסיג־געווארען אין טעגער, נישט קיין אינסטרומענט, ווי די פלייט, דער קלארנעט, אויף וועלכע מען קען שפיעלען ווי מ ע ז ו ו י ל, אזוי אדער אזוי. און דערנאכדעם לייגט מען אוועק דעם אינסטרומענט. מען איז מעהר נישט קיין פלייטענשפיעלער. קיינער קען נישט דערקענען וואס דו ביזט. דו ווישסט דיר אפ די ליפען און — געענוג. א מוזיקער ביזטו, נישט קיין מענש. א מענש קען נישט לעבען באזונ־

דער פון זיך אליין, פון זיין נשמה־מוזיק, זיך אפווישען די לי־פען — — — שטענדיג מוז זינגען זיין מענשענטום, ווען אפילו אזוי שטיל, אז מען קען עס קוים דערהערען. איז די מוזיק ברו־טאל — זינג ברוטאל!

אבער „קולטיווירטע" שפיעלען דיר וואס דו ווילסט.

צום אלעם ערשטען זאל דיין ווארט זיין דער אמת! דאפון קען שפעטער ארויסבליהען שעהנקייט — — —.

אזוי האט ער געטראכט.

„אזוי בין איך" האט זי געזאגט און דאס האט איהם באגייסטערט.

ער האט געטראכט: „עס איז די ערד אין איהר קרייד־פעריאדע, נו, און ווייטער?"

ער איז געווארען איהר ריטער, איהר באשיצער.

זי האט זיך איינגעהאנגען אין איהם, זיך געטוליעט צו איהם אוים מורא פאר יענעם. „איך דארף נישט קיין ליעבהאבער" האט זי געמורמעלט.

עס איז געוועזן זייגער 5 אין דער פריה.

זאל איך באשרייבען דעם פריהמארגען אויף די גאסען?!

אט־די ארימע מענשען־פריהוועלט, וואס בייט אוים די אנגענעהמע בעט־ווארימקייט — אויף דער קאלטער מארגענלופט, פאר 30 קרייצער, פאר 40, פאר 60?!

פון די בעקערייען טראגט זיך אנטקעגען א געשמאקער ריח.

וואס נאך קען מען דא צו־געבען? — מען איז נישט אין קיין זעהר פרעהליכער שטימונג.

אנדערש איז עס מיט יענע וועלכע קענען ווארטען אויף דער זון פון זייערע געמיטליכע היימען ארוים, שלאפענדיג ביז וואנעט דאס וויים־ווארימע ליכט צערינט זיך איבער די גאסען — — —.

ער האט געפיהרט דאס יונגע מיידעל צו זיך א היים.

זיין צימערעל איז קליין, אבער עס האט א געוויסען „כאראקטער". ערשטענס, שמעקט עס זעהר שטארק פון עפעל, וועלכע ער

האט שטענדיג אין א האלז־קעסטעל, אין א ווינקעל. צווייטענס, איז עס ריין ווי א האלענדישע שטוב, און די פענסטער האבען ברייטע וואונדערשעהנע פארהאנגען, געשטיקט ווי מיט פיינע ברימלער שפיצען. דריטענס איז געהאנגען איבער זיין בעט א וואונדערליכע ראדיר־צייכנונג פון ע. פאן געבהארדט „דאס הייליגע אווענדמאהל". איבער דעם קאפ פון יודאס אין דער האלבגעעפענטער טיהר איז געווען א דיקער, גאלדענער מעדאליאן מיט דעם פיין־איינגראווירטען קאפ פון שפינאזא.

„אט ד ע ר פארטיליגט די שמאך פון י ע נ ע ם. ער דעקט זי צו מיט זיין ריינעם גאלד".

דאס איז געווען דער זין.

דער יונגער־מאן האט גענומען שמעקענדיג ברען־האלץ, עס צעלייגט אין דעם ברייטען, העלגרינעם אויוען, אויף די אנגעגרייטע שפענער. דאן האט ער עס אנגעצונדען און ארויפגעלעגט הארטע שטיקער האלץ.

באלד האט זיך צעשפרייט א ליעבליכע ווארימקייט, און שפעטער אביסעל איז געווארען גוט־ווארעם, א פערגעניגען.

דאס יונגע מיידעל איז געזעסען מוטער־נאקעט אין א ווינקעל ביים אויוען.

דער יונגערמאן איז געזעסען ביי זיין שרייבטיש, אנטקעגען איהר און האט אריינגעשריבען אין זיין העפט:

„וועגען דעם געפיהל פון בושה. אפשר איז עס די עמפינדונג פון דער גרויסער ליידיקייט וואס ליגט צווישען דעם וואס מיר וואלטען פיזיש געקענט זיין, געדארפט זיין, און דאס וואס מיר זענען. מיר באטרויערען אונזער אייגענעם איך. וועלכער איז פארלריפעלט געווארען אין די וועהען פון'ם לעבען. אט־די טרויער הייסט „בושה־געפיהל!" קוק נישט, מענש, ווי איך בין! מיר שעהמען זיך מיט אלצדינג וואס צעשטערט אונזער איך, וואס צאמט אונזער מעגליכקייט זיך אויסצעברייטען. עס איז דאס בענקען נאך די „ווייטסטע" די „צו־גאט־עהנליכע", וואס מיר זענען נאך דערוויל נישט — — —

ביזטו אָבער דיין אייגענער אידעאַל געוואָרען, שטראַהלסטו־אויף אין דיין אידעע וואָס איז געוואָרען אַן א מ ת, וואָס האָסטו דעמאָלט צו באַהאַלטען?

דעמאָלט ביזטו צוריק אין גן־עדן ווי אַמאָהל און דו שעהמסט דיך נישט צו ווייזען נאַקעט!

די „שעהנקייט" טויטעט די „בושה"!

עס איז אפשר אַ געפיהל וואָס מען האָט אין אונז פאַרבאָרגען, כדי מיר זאָלען זיך אליין באַזיעגען דורך אונזער פולקומענהייט!

ווען דו ווערסט דאָס וואָס דו דאַרפסט זיין, וואַרף פון זיך אַראָפּ דעם שלייער, דו זיעגרייכער!"

„וואָס שרייבט איהר דאַ?" האָט געזאָגט דאָס יונגע מיידעל.

ער האָט עס איהר פאַרגעלעזען און ערקלעהרט: „דאָס קומט פון אייך, איך האָב עס בלויז איבערגע׳שריבען!"

זי האָט געזאָגט: „זעהט איהר, איך האָב ליעב מיין קערפּער, איך בעטראַכט איהם פאַר אַ הייליקייט. איך גיב זעהר גוט אַכטונג אויף איהם. צומביישפּיעל: איך גיב איהם גוטען, טיעפען שלאָף, איינפאַכע געשמאַקע שפּייז און טויזענד אַנדערע זאַכען. ווען איך כאַפּ־מיך־אויף אין דער פריה ליגט מיין צימער שוין אין אַ וואַרימען טומאַן פון האָלצפייער. אין דער מיטען פון מיין צימער שטעהט אַ גרויסע וואַנע מיט קאַלטען קוואַל־וואַסער. אַ לוסטיגע שפּרינג איך אַרוים פונ׳ם בעט גלייך אין וואַסער. איך באָד מיך אַ פינף מינוט. דאַן — צוריק אין בעט אַריין. אַה, ווי גוט דאָס איז, זיך אַזוי אויסצואַטעמען מיט׳ן גאַנצען לייב. — — טויזענד לעבענס פליסען אין מיר! דאַן שטעה איך אויף. אַה, ווי גוט דאָס איז — — —! שפּעטער עס איך אַביסעל היהנערנע זופּ, מיט דריי אַריינגעשלאָגענע געלכלעך פון אייער, דאַן אַ ים־פישעל, דאַן ראָקעפאָרט־קעז. איך טרינק בלויז וואַסער, איך רויכער נישט.

„איהר זענט דער טיפּ פון אַן אמת׳ן עגאָאיסט!" האָט מיר אַמאָהל געזאָגט מיינער אַ באַקאַנטער. אָבער ווער געווינט דאַפון? איך אַליין? צו יענע וואָס דענקען: ווען דו ווערסט דאָס וואָס דו דאַרפסט זיין, וואַרף פון זיך אַראָפּ דעם שלייער, דו זיעגרייכע?!"

זי איז געשטאַנען אַ צעשמייכעלטע אין אירה ליכטיגער שעהנ־קייט — — — !

ער האָט זי געקושט אויף די ליפּען.

ער האָט געזאָגט: „אייער אָטעם איז ווי דער דופט פון גע־קאָכטע, נאַך־וואַרימע, געשיילטע, זיסע מאַנדלען“

ער האָט געטראַכט: „אָט־דער מאַנדעל־אָטעם איז דער רע־זולטאַט פון איהר גאַנצען קערפּער, פון איהר שעהנקייט. צוליעב אָט־דעם אָטעם אַליין ליעב איך דיך. ער איז אַ גאָט־צייכען, אַן אמת׳ר הויך פון דער געטליכקייט, אַ סימבאָל. „אַזוי ריין קען אַלצדינג ווערען אין אונז!“

ער האָט אין זיך געפיהלט די „געטליכע פרייד“ איבער דאָס פולקומענע. עס איז ווי דער יובעלגעשריי פון דעם וואַנדערער ווען ער האָט דערגרייכט דעם זוניגען שפּיץ־באַרג — — — העכער קען שוין נישט זיין! דאַריבער די רוה, דער פריעדען, דאָס גליק! דער דערפילטער וואונש פון גאָט — — וואָס איז דען הייליגער? און אָט־דער וואונש האָט אויך אַ שייכות מיט יענע וואָס די נשמה ליגט אַזוי שווער אויף זיי. מען גיט־אָפּ כבוד אַ שעהן בילד, מען פרופט אין איהם אריינלעזען די אייביגקייט — — אָבער דאָס נישט־פולקומענע, פאַרוואָס זאָל עס ווערען, געשענד׳ט, צעשטערט! וואָס מאַכט עס זיי אויס? !

אָט־דער אידעאַלער קערפּער, אָט־דער ריין־ריינער אָטעם האָט אויפגעלעזט אַלע געפיהלען פון ליידענשאַפט, פון פערלאַנג, אין דער גרויסער עמפּינדונג פון דער דערלעזטער וועלט.

און אָט־אַזוי זענען זיי געגאַנגען שלאָפען ווי ברודער און שוועסטער.

אַז זי האָט זיך אויפגעכאַפּט, איז ער געזעסען לעבען איהר. עס איז געווען 3 דער זייגער נאָכמיטאָג. זי איז געווען פאַררויטעלט, פריש.

דאָס צימערל איז געלעגען אין אַ וואַרימען טומאַן פון דופ־טיגען, קאָנקענדרען סאָסנע־האָלץ.

אין דער מיטען איז געשטאַנען אַ בלישטשענדיג־ריינע וואַנע מיט קאַלטען קוואַל־וואַסער.

אויף אַ הויכגעדעקטען טיש איז געווען געגרייט אַלערליי שעהנע, פארבענרייכע עסענוואַרג.

„אה“ האָט געזאָגט די פּעפּערין „איהר זענט אַזאַ גוטער!“

זי האָט זיך געבאָדען 5 מינוט. דאַן האָט איהר גאַנצער קערפּער זיך אויסגעאָטעמט אין דעם בליץ־ווייסען בעט. דאַן האָט זי זיך נאַקעטערהייד געזעצט צום טיש און געפרישטיקט.

ער האט זי באַדיענט ווי אַ קעניגין.

צום ערשטען מאָהל האָט דידאַזיגע „פּרימיטיווע“ דערזעהען דעם מאַן אַלס אַ מענש, אַ פריינד — — — איהם איז געווען הייליג דאָס וואָס זי האָט אַליין הייליג געהאַלטען — — — איהר שעהן לייב. זי האָט געפיהלט, אַז זי האָט אַ רעכט אויף זיין באַדינונג. עס איז געווען ווי אַ הויך פונ'ם אַלטען גריכענטום — —. צווישען דעם ווי ער פארשטעהט עס און ווי זי איז, איז פאַראַן אַ גרויסע נאָהענטשאַפט. עס איז נישט געווען קיין קאָמעדיע געשפּיעלט פון איינעם קעגען דעם אַנדערען. עס איז געווען די פרייהייט, דאָס פארשטעהען־זיך. דאַריבער האָט זי איהם ליעב געהאַט!

ער איז געווען איהר ערציהער — איהר באַוואוסטער ערציהער, דורך דער איינפאַכער אויסטייטשונג פון איהר פּרימיטיווער נאַטור. ער האָט געגעבען איהר „שעהן אַלאַבאַוואוסטקייט“ אַ פילאָזאָפישען הינטערגרונד, אַ פּסיכאָלאָגישען פונדאַמענט. איהר „פּרימיטיווקייט“ איז דורך איהם געקומען צו „דערקענטניש“, עס האָט בעטייט: „וואָס מאַכט עס אויס? גאָט'ס שעהנקייט טראָגסטו אין דיר!“ מיר קענען נישט איבערבאַשאַפען די מענשען לויט אונזערע חושים, נאָר לויט ז י י ע ר ע. זייער אידעאַל ליגט באַהאַלטען אין זיי, נישט אין אונז!

מען קען כמעט זאָגען, ערציהען הייסט: „זיך אונטערהערען צום אָרגאַנישען וואַקסען פון אַ לעבעדיג באַשעפעניש“. נישט מעהר.

אָבער אַנדערע „ערציהער“ ווילען בויגען, צעברעכען, אַרונטערשניידען, פאַרדרעהען, צעשטערען — — — !

און ווענען צעשטערען זיי דען? זיך אליין! און דאן זענען זיי זיך אוועק און יאמערען אויף זייערע „געמארדעטע אידעאלען“.

ביים געזעגענען זיך האט דאס יונגע מיידעל געזאגט: „שענקט מיר אט־דעם גאלדענעם מעדאליאן אויפ׳ן בילד — —“

דאס איז געווען געלד־גיער און נייגיער אין דערזעלבער צייט. זי האט געוואלט וויסען וואס עס איז פארבארגען ה י נ ט ע ר דעם מעדאליאן.

ער האט ארויסגענומען דאס בילד פון׳ם ראהם און אפגעטשעפעט דעם מעדאליאן. דאס האט זי דערזעהן דעם קאפ פון יודאס.

"אויף א צושטערער — — —!“ האט זי געזאגט.

„אויף“?! ער איז שטענדיג דערזעלבער. ער ליגט אייביג אין אונז. דער א נ ד ע ר ע ר אויך. שפינאזא. דאס פארשטעהט איהר אבער נישט. אין אונז ליגט המיד איינער וואס באטריגט דעם „אידעאל־מענש“ אין אונז, פארקויפט איהם, דערמארדעט איהם — — —!“

זי האט צוגענומען דעם מעדאליאן מיט׳ן שפינאזא־קאפ.

„אדיע!“ האט זי געזאגט און איהם א קוש געטון אויף די ליפען.

ער האט ווידער דערפיהלט אט־דעם זיסען אטעם וואס האט געשמעקט ווי הייסע, געשיילטע זיסע מאנדלען.

„אדיע!“ האט ער געזאגט.

און דאן האט ער צוריקגעהאנגען ס׳בילד אויף דעם וואנד איבער זיין בעט.

און ווידער זענען טויט־טרויריגע ערדעל־הייליגע געזעסען ארום זייער עדעלסטען האר, דעם געמאטערטען און פארפאלגטען. און יודאס איז ווידער געשטאנען א בלאסער אין דער האלבגעעפענטער טיהר, דורך וועלכער עס האט אריינגעשימערט די פריה־ליכטיקייט. דער פריהמארגען האט זיך גענומען אויפוועקען — — —.

עס איז אבער נישט געווען קיין פריהמארגען נאר די נאכט. זי האט זיך אריינגעריסען אין זיין צימער!

# דיאַלאָג.

ער און זי זיצען אויף אַ באַנק אין דער אַלעע פון לינדענבוימער.

זי: וואָלט איהר מיר געוואָלט אַ קוש טון?!

ער: יאָ, פרייליין — — —.

זי: אויף דער האַנד? — —

ער: ניין, פרייליין.

זי: אויף די ליפען?

ער: ניין, פרייליין.

זי: אַה, איהר זענט אַז אונאַנשטענדיגער מענש — —!

ער: איך האָב געמיינט: „אויפ'ן זוים פון אייער קלייד!"

זי איז בלייך געוואָרען. — — —

---

## אַ סצענע צווישען אַן אַלטען פּאָטער און אַן אונפאָרזיכטיגען יונגענמאַן.

„הערר — —" האָט דער פּאָטער פונם יונגען פרייליין געזאָגט צום יונגענמאַן „האָט קיין פּאַראיבעל נישט, איך זעה, אַז איהר ווייגט איבער אַ בוך, וואָס איהר לעזט אָט־דאָ אין קאַפע. און נעכטען, זאָגט מען מיר, האָט איהר באַליידיגט מיין טאָכטער' אין רעסטאָראַן, כאָטש איהר זענט מיט איהר גאָרנישט באַקענט?!"

„איך בין געזעסען ביי אַ טיש אין אַן אַנדער ווינקעל. אייער טאָכטער איז געזעסען מיט'ן רוקען צו מיר —"

„מען גיט מיר איבער, אַז איהר האָט זי אָנגעקוקט עפּעס־אַזוי־אַ. איך זעה איהר ווייגט לעזענדיג דאָס בוך. וואָס פאַר אַ בוך איז עס?!"

„ביטרים האַראַדעז. שיפּען — — —"

„און א י ה ר ווייגט? איהר זענט דאָך נישט קיין אַלטער מאַן. ווי אַזוי ענדיגט זיך עס? נישט גוט, האַ?!"

„יא. עס איז דאס לעבען — עס ענדיגט זיך נישט גוט“.

„טא־קע? איך וועל עס אפשר קויפען. די נעכט אויפ׳ן לאנד ציהען זיך אזוי לאנג. אבער אויף אייער רעקאמענדאציע קען מען זיך נישט פארלאזען. פארוואס האט איהר באליידיגט מיין טאכטער?“

„אייער טאכטער איז געזעסען מיט׳ן רוקען צו מיר —“

„איהר האט זיך פונדעסטוועגען בארארפט האלטען אין די הענט. ווי אזוי רופט מען אן דאס בוך וואס איהר לייענט? — —“

„שיפען, פון ביטרים הארארען — — —“

„עס ריהרט, הא?“

„יא. בערנארדין שטארבט אונטער א לאסט־וואגען“.

„סא ברוטאלער סוף. מיין פרוי דערצעהלט מיר, אז עדיט, מיין טאכטער, האט זיך מיט איהר געמוזט בייטען מיט׳ן פלאץ. פארשטעהט זיך, אז דאס האט זי געקאסט א שטיק געזונט. איך מיש מיך נישט אין אזוינע זאכען. נאר אזוי ווי מיר זענען שוין באקאנט — —“

„איך פיהל מיך שולדיג“ זאגט דער יונגערמאן.

„איהר האט געוויינט איבער בערנארדינ׳ס מזל? זי האט נאך געמוזט זיין נאר א יונגע?“

„פארשטעהט זיך“.

„פארוואס איז זי געלעגען אונטער א לאסט־וואגען? ! וואס איז עס פאר א פלאץ פאר א מיידעל?“

„נישט געהאט וואס צו טון, הפנים. נישט ווייט פונ׳ם סוף האט זי זיך אפגעשטויבט ביכער ביי איהר אלטען פעטער אין ביבליאטעק. ענדליך זענען אלע ביכער געווען אפגעשטויבט. מעהר קיין ביכער זענען נישט געווען. האט זי גענומען און זיך אוועקגעלייגט אונטער׳ן לאסט־וואגען“.

„מיין טאכטער, עדיט, וועלכע איז געזעסען לעבען איהר חתן, דאס הייסט לעבען דעם יונגען דאקטאר פאן ס., האט זיך געמוזט אויפהויבען און זיך בייטען מיט׳ן פלאץ. דאס איז געווען זעהר נישט־אנגענעהם. מיין פרוי האט עס מיר דערצעהלט. פארשטעהט זיך, אז איך וואלט מיט אייך נישט געווען גערעדט ווענען דער־

דאזיגער פראגע, ווען איך זעה נישט, אז איהר זיצט און וויינט איבער בערנארדיני'ס מזל — — —"

„בערנארדיני איז א קעניגין !"

„וואס קאסט ס'בוך ? —"

„50 פעניג, נישט־געבונדען".

„איהר פיהלט זיך שולדיג, זאגט איהר?"

„יא, איך האב געהאלטען אין איין קוקען אויף דער געשטאלט פון אייער טאכטער, אויף איהרע באוועגונגען, איהר ארט זיצען. די הערשאפטען האבען געטרונקען באררא־וויין, דערנאכדעם שאמ־פאניער".

„אבער עדיט איז דאך געזעסען מיט'ן רוקען צו אייך ?"

„עס מאכט נישט אויס. איך האב באמערקט אלע איהרע באוועגונגען, האב זיי קאנטראלירט".

„צו וואס האט איהר עס געטון ?"

„איך האב געטראכט : ווען וועט זיך שוין באווייזען אין איהר אמת'ע שעהנקייט ? אט־דא הערשט נאך גראציע און באוועג־ליכקייט. אט־די זאכען האב איך פיזיאלאגיש באשטימט אלס „חושים־פאנגער". דאס ווארהאפטיגע לעבען ליגט בלויז אין עדיט'ס ברוינע אויגען, אין איהרע דינע הענט. ווען וועט זיך עס אוועק־גבנען, זינקען, שווער־ווערען ? די שונאים „וויין און ליעבע" דער־נעהנטערען זיך !"

„וואס האט איהר ערווארט ?"

„ווען וועסטו שוין אנריהרען מיט דיינע קניען — זיינע ?" אזוי האב איך געטראכט.

„נו, און וואס ?"

„גארנישט. מיין פיזיאלאגישער פרינציפ האט געזיעגט ! ער זיעגט שטענדיג. איך האב איהם דערלאנגט א לארבערקראנץ, אזוי צו זאגען. דא האט זיך אייער פרוי אויפגעהויבען און געזאגט : „זעין זיך אויף דער אנדערער זייט, עדיט, זיי אזוי גוט ! — —"

„דאס איז געווען זעהר נישט אנגענעהם".

„אייער פרוי האט געמיינט אז ווער־ווייסט וואס".

„און עדיט?“

„דאס פריילײן האט זיך א קעהר געטון צו מיר, און איך האב מיך טיעף פארנייגט פאר איהר מיט ביידע אויגען. זי האט מיך נישט פארשטאנען און האט זיך טרויריג אװעקגעזעצט אויף דער אנדערער זייט און געשוויגען. אבער איך האב איהר צו־גערופען מיט די אויגען „מוט!“

„עס האט געקענט פאסירען אז אומגליק. איהר חתן, דער הערר דאקטאר פאן ס. איז — — וואס מאכט איהר נישט אייערע פיזיאלאגישע שטודיען ערגעץ אנדערש? — — —“

„אייער טאכטער האט געזיעגט. איך האב איהר דערלאנגט דעם לארבערקראנץ, אזוי צו זאגען — —“

„און זי איז טאקע באלד געשטארבען, די בערנארדיני, צי זי האט זיך געמוטשעט?“

„ניין. מען האט זי אװעקגעפיהרט אין שפיטאל אריין. פאר'ן טויט האט זי געבעטען מען זאל זאגען דעם „שלעכטען מענש“ ער זאל אװעק אין א קוראָרט פאר שווינדזיכטיגע. א י ה ר צו־ליעב — — —“.

„און מעהר גארנישט?“

„מעהר גארנישט. וואס קען מען פערלאנגען?“

„ענטלייהט מיר דאס בוך, איהר זאלט אזוי זיין געזונט“.

„ביטע!“

„איהר זענט געװען זעהר נישט פארזיכטיג. איהר ווייסט: מ'איז צווישען מענשען, אין א רעסטאראן. איך מיש מיך נישט אין אזוינע זאכען. מיין פרוי האט מיר דערצעהלט, אז איהר האט נישט אראפגעלאזט קיין אויג — —“

„יא. איך האב איהר אריינגעקוקט אין דער נשמה אריין, אזוי ווי א באשעפער, וועלכער וויל זעהן צי זענען דארט פאראן טונקלע פלעקען, אדער ליכטיקייט — — —“

„איהר רעדט עפעס אזוי־א. איך'ל מארגען צוריקברענגען ס'בוך. אפשר וועל איך עדיט'ן אויך געבען צו לייענען — — —“

„ביטע!“

„איך וועל איהר זאגען: „וואס מאהלסטו דיר אפ האט ער געטון דער מענש? — ער האט דאך געוויינט איבער בערנארדיני'ס מזל — — —?!"

---

# נאָוועמבער.

זי לעבט אין שטילער צוריקגעצויגענקייט ביי איהר שוועסטער, דער פאבריק־דירעקטאר'ס פרוי, מאדאם ס. אין דער ריזיגער, נעלער שפינפאבריק אינ'ם שטראם־טאהל. טויזענד שפינרעדער טומלען זיך ארום זיך זעלבסט און אונטען לויפט משוגענערווייז דער שטראם, ווארפט זיך אראפ פון א שליוז און ווערט אין גאנצען ווייס.

דארט וואוינט די יונגע דאמע.

א דיכטער וואלט זי באשריבען אומגעפעהר אויף אט־אזא איבערטריבענעם אופן: „א טיעפע לעבעדיקייט, וואס מאכט איהר לייב כמעט דורכזיכטיג. א צענויפגוס פון מעלאנכאליע און יו־גענד, פון איבערלעבעניש און פאעטישע האפנונג. דאס אויג זאגט: „ווען וועט עס שוין פאסירען? און „יש לאך איך?" אבער אויף איהר קלאסישען שטערען שטעהט אנגעשריבען: „פריעדען".

אבער געוועהנליכע שטערבליכע וועלען פשוט זאגען ווענען איהר: „באמת זעהר א פיין און אריגינעל וועזען".

נאָוועמבער־נאכמיטאג. דער הערר איז געגאנגען שפאצירען לעבען דעם טייך, ארונטער צום שטראָם־צו.

ווי שעהן, ווי ריהרענד איז דאס אדיע־זאגען פון דער נאטור!

א טייל בלומען־ביימלעך זאגען „איך וויל נישט", אנדערע בויגען דעם קאפ און ווינען ארונטער שנעע.

פון די ווייסע טעפיכער, וואס זענען אויסגעשפרייט איבער די לאנקעס, רייסען זיך ארויס די גראזען ווי גרינע שטעכערס, וואס ווילען דורכבויערן דעם שנעע. די בעריאזעס ווערען בלייך פון קעלט און ציטערן, ווען די קראהען לאזען זיך אויף זיי אראפ. אין

וואלד ביים בארג־אראפ זענען פערזאמעלט אלע רויטקייטען און אלע ברוינקייטען און אלע געלקייטען פון דער וועלט. א יונגער בוכענבוים איז כמעט די פארב פון שאקאלאד און אן אנדערער בוים האט די פארב און דעם גלאנץ פון ענגלישע „דאג־סקין“־האנטשיך. די ווייסע נעבלען ליגען איבער'ן וואסער, ווי א טייך אויף א טייך, ציהען פאמעליכען אין דער לענג, לויכטען אין דער הערבסטזון און וועהען און ריהרען־זיך — — —. מען קען וועגען זיי זאגען דאס־זעלבע וואס וועגען דעם ים „זיי זענען שטענדיג דיזעלבע און שטענדיג אנדערש“.

טיילמאהל ווארפען זיך די טומאנען אהער, און טיילמאהל איז פריעדען. רוהיג שווימען זיי דעמאלט אהין־און־אהער, הענגען זיך אויף די שפיצען פון די סאסנע־ביימער און וויעגען זיך — — —.

דער הערר איז געגאנגען שפאצירען מיט'ן אראפ־וועג פונ'ם שטראם.

אויף די לאנקעס זענען געלעגען ווייך־געווארענע גראהגרינע און ברוינגרינע בלעטער, וועלכע דער שנעע האט ארונטערגעשלאגען. אין דער אמת'ן האט ער זיי נישט ארונטערגעשלאגען, נאר זיך פשוט ארויפגעלייגט אויף זיי אין געדיכטע הויפענס און זיי אראפ־געדריקט. אונטען אבער האט ער זיך ערשט גענומען איזדיעקעווען איבער זיי. ער האט זיך אריינגעזויגען אין זיי און האט זיי צע־קנייטשט ווי פייכט זייד־פאפיער.

ווייסע טומאאנען זענען געשוואומען ארויף, קעגען שטראם. צוויי קליינע שווארצע פויגעל זענען בליצשנעל ארומגעפלויגען אהין־און־אהער, אין דער קאלטער פארע. זיי האבען געשריגען פון ליעבע, און אין מיטען פליהען האבען זיי זיך געפאארט. דאס זענען געווען וואסער־פייגעל.

דער הערר איז געשטאנען אט־דא־א און געגעבען דער נאטור זיין שטומע ליעבע, וועלכע זי האט צוגענומען שווייגענדיגערהייד. דא האט ער באגעגענט די יונגע דאמע וועלכע איז געגאנגען אין פאבריק אריין.

צווישען די קליינע שווארצע פייגעל וועלכע האָבען געשריגען פון ליעבע און דער נאַטור וואָס האָט שטומערהייד צוגענומען די ליעבע פון דעם הערר, ליגט עפּעס אַ דריטע זאַך, אַ מין שעהן־פעראייניגונג פוןביידע.

די יונגע דאמע האָט געפיהלט: „ערוואַך איך?“ „

דער הערר האָט זיך אַנגעשפּארט אַן דער פּארענטשע ביים שטראָם און האָט איהר נאָכגעקוקט ביז וואנעט זי איז פארשווינ־דען געוואָרען אין דער ריעזיגער געלער פּאַבריק, אין וועלכער טוי־זענד שפּינרעדער טומלען זיך ארום זיך זעלבסט.

ער האָט געטראַכט: „באמת זעהר אַ פיין און אָריגינעל ווע־זען — — —“

ער איז געשטאַנען ביי דער ריעזיגער געלער פּאבריק, אין וועל־כער טויזענד שפּינרעדער האָבען זיך געטומעלט אַרום זיך זעלבסט, און וואו דער שטראָם האָט זיך אַליין געוואַלט אַריבעראיילען, זיך געוואָרפען איבער אַ שליוז און איז געוואָרען אין גאַנצען ווייס.

ער איז געשטאַנען אַט־דאָ־אַ און געגעבען דער נאַטור זיין שטומע ליעבע, וועלכע זי האָט צוגענומען מיט שטורעם — — —.

דאָס פרייליין אין דער פּאבריק האָט געטראַכט: „ווי שעהן די שפּינרעדער זינגען היינט — — — !“

---

# א בריעף פון איהר.

מיין פריינד!

פּאַרטרויען, פּאַרטרויען, ווער קען דאָס מיר געבען? ! דער מענש? ! דאָס וואָרט? ! דאָס גליק? ! די טאַט?! מיין וואונש און מיין בענקשאַפט?! דאָס וואָס איז אין ד י ר אדער אין מ י ר? ! ווען עס איז נישט, ווי קען מען מאַכען, אז עס זאָל יא זיין? !

אייער בריעף, מיין פריינד, אייער ליעבע איז כמעט צו שעהן, צו זיין אמת, צו זיין רעאל.

אזוי ווי אין הימעלדיגער גלאריע לייכט אלצדינג!

איך פיהל: „דיין מענשליכע פארעהרונג איז די שפעטער־גע־בוירענע בלייכע טאכטער פון קינסטלערשער באגייסטערונג!“ פון די הויכקייטען קומט עס, אזוי פיהל איך. יא, פון די הויכקייטען! פון ד י י נ ע הויכקייטען, אלבערט, נישט פון מיינע!

אבער די קינסטלערשע באגייסטערונג האט אנדערע, האט העכערע צוועקען, ווי דעם מענש מיט זיינע נישט־דערגרייכבארקייטען. יא, זי האסט דעם מענש, ווען ער שטערט איהר, זי ליעבט איהם בלויז דעמאלט ווען ער העלפט איהר! און אויף אזא אופן לעב איך איבער אלע יסורים וואס די גוטע נאטור האט מיר פאר־אויס, אין דער נשמה אריינגעזונקען אלס א ווארנונג.

גלויבט מיר, הערר אלבערט, די וועלט וואס איהר רופט מיך איהר „זון“, איז וועלכער איך האב זיך אריינגעשפונען, טרוימענדיג, אט די וועלט איז אייך טייערער ווי דער מענש, וועלכער האט אין אייך אט־די וועלט א ו י פ ג ע ו ו ע ק ט. וועה צו דער ארימער וואס טראכט פון איהר „זון־מיסיע“ אנדערש ווי איהר, און וועלכע דערוועגט זיך אין קינדישער מוטיקייט זיך צו ווידמען צו אן אנ־דערע „מיסיע“!

פאר קינסטלער־מענשען מוז דאס ווייב פון די טומאנע ווייט־קייטען ארויס איהר מילדען, מיסטעריעזען שיין פארשפרייטען. פעטרארקא'ס לאורא, טאססא'ס לענארע, דיאטימא, וויטאריא קא־לאנא, זיי אלע זענען געשטאנען ווייט, און דאריבער אייביג נ א־ה ע נ ט.

דאס וואס איז אין רעאלען לעבען די דערפילונג, איז אין קינסטלערשען — דער טויט!

וואס ווייטער דו ביזט פון איהם, אלץ טיעפער דערגרייכסטו זיין נשמה, אלץ נאהענטער ביזטו איהם. און נעהענטערסטו דיך — דערווייטערסטו דיך!

ז י י  ו ו י  ד א ס  ש ו ו א ל ב ־ ג ע ז א נ ג  ו ו א ס ר ו פ ט  א ר י י ן  ד ע ם  פ ר י ה ל י נ ג  א י ן  ל א נ ד א ר י י ן. — —

ו ו ע ן  א ל צ ד י נ ג  ב ל י ה ט, מ ע ג  ד י  ש ו ו א ל ב ש ט ו ם ־ ז י י ן, ש ט א ר ב ע ן — — — !

מיר מעגען טרינקען פון זיין פריהלינגזאפט־שטראם — — —.

אבער דעם זומער'ס פרוכטען צייטיגט ער אליין!

מיר אבער? מיר ווילען לעבען, לעבען, און נאך די פרילינג־שטורעמס ווילען מיר אונזער זומערפריעדען!

קען מען עס דען? און צו שטארבען אזוי שעהן איז אפשר דאס העכסטע לעבען! אפשר איז עס בעסער, אז אונזער נשמה־טויט זאל זייער קינסטלעריש לעבען זיין, ווי אז זייער קינסטלער־טויט זאל אונזער לעבען זיין.

און דאך — — — מיר ווילען לעבען, לעבען, ווייל דאס לעבען ליגט אין אונז.

אה, דו קיסטלערמענש, די בלוט־שלאנג, זוך דיינע קרבנות צווי־שען יענע, וועלכע האבען גארנישט צו געווינען, גארנישט צו פאר־לירען!

און דאך: וואס באטייטען מיר פאר די אנדערע, פאר די גע־וועהנליכע? איך ציטער ביי דעם געדאנק — — —.

מיר קענען שוין מעהר נישט געהן, סיי בארג־ארויף, סיי בארג־אראפ. האב אויף אונז רחמנות!

דאך ווי אזוי זיך צענויפקומען?! ווי אזוי פארטרויען איינס־ס'אנדערע?!

זיי ווילען א טרוים — — — און מיר — א לעבען. ווען איהר וואכט־אויף האט איהר בלויז גע'חלום'ט. מיט א נייעם חלום הויבט ווידער א ניי לעבען אן!

ווען מיר וואכען־אויף, האבען מיר געלעבט! דערנאך קומט דאס שטארבען — — —.

אבער מיר ווילען לעבען, לעבען, לעבען, ווייל דאס לעבען ליגט פארט  א י ן  אונז און חלום'ט פון וואכען!

אין אונזער לעבען איז א יאהר בלויז איין־און־איינציגער פריה־לינג, נאך וועלכען עס קומט א זומער און דאן די פּרוכט, געצייטיגט אין דער זון לעבענס־לוסט, און דאן — דער ווינטער.

און ווי ארעם מיר זענען! איהר אבער — איהר זענט רייך! איין פריהלינג נאך דעם אנדערען, נאך אייערע טויטע הערבסטען קו־מען זומערס! און קומען וויעדער די טויטע הערבסטען שרעקט איהר זיך נישט, ווייל איהר ווייסט וויפיעל נאך־נישט־געבוירענע זומערס עס ווארטען אויף אייך. און שטענדיג קען עס אין אייך ווע־רען סיי ווינטער און סיי פריהלינג. אזוי איז אייער לעבען — — — אבער מיר קענען נישט אזוי מיט־געהן און מיר מוזען שטאר־בען — — —.

רוה און צער און זאמלונג — — —.

וואוהין פיהרט מיין וועג? ווער קען עס מיר זאגען? ווער קען מיר אנווייזען מיין גורל? מיין ליכטיגען שטערען, מיין ערד?!

יענער וואס טרוימט דאס לעבען, קען מיר נישט געבען קיין לעבען — — — און דער וואס לעבט, דער רויבט מיר מיין טרוים — — —!

בלויז אין אונז אליין איז דער טרוים און דאס לעבען — א י י נ ס!

אבער אייער צוויי־קייט לעזט־אויף אונזער איינהייט, אונזער גאנצקייט!

וואוהין פארבלאנדזשע איך מיך, אלבערט — — —? א, אלבערט! — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — —

ז י י ו ו י ד א ס ש ו ו א ל ב ־ ג ע ז א נ ג, ו ו א ס ר ו פ ט א ר י י ן ד ע ם פ ר י ה ל י נ ג א י ן ל א נ ד א ר י י ן — — —.

ו ו ע ן א ל צ ד י נ ג ב ל י ה ט, מ ע ג ד י ש ו ו א ל ב ש ט ו ם ־ ז י י ן, ש ט א ר ב ע ן — — —!

מיר אבער? — מיר ווילען לעבען, לעבען!!

— מארטע מאריע".

# דריי זאכען.

פאראן דריי זאכען, זאגט דער רעוואלוציאנער, וועלכע זענען גורם אז מיר זאלען זיך זעלבסט קענען אריבערוואקסען. דאס זע־נען: די איינזאמקייט, די גרויסע ביכער, דאס הייסט די אפגע־דרוקטע נשמה, די געדרוקטע הערצער פון גרויסע מענשען, און די נאטור.

די מענשען וואס שטעהען אונטער דעם איינפלוס פון את־די זאכען, און וואקסען אונטער את־די דריי זונען, רופט מען אן „מאדנע מענשען“, „נישט־פראקטישע“, „נישט־נוציגע“.

די אנדערע וואס וואקסען גארנישט, אפילו נישט אונטער א י י נ ע ר פון יענע דריי זונען, וועלכע זענען דאך פריי פאר א ל ע מ ע ן ג ל י י ך, את־די רופט מען די „טעטיגע וועלט־בירגער“.

זיי שטעהען פשוט נישט אונטער דעם שעדליכען איינפלוס פון די דריי זונען: איינזאמקייט, בוך און נאטור!

# קליינִיקייטען.

## I

זיי טריי!
מאן זיי טריי! דעם אייגענעם וואקסען, דעם אייגענעם ווערען,
און דער וועלטשעהנקייט!
זיי אומטריי!
זיי אומטריי דעם שטילשטאנד פון דיין גייסט, פון דיין נשמה
און פון אַלצדינג וואס מאַכט מיעד און העסליך!
ווייב, זיי טריי!
זיי טריי דיין זון־מיסיע, צו וואַרעמען, צו לויכטען.

## II

צו וועמען קעהר די לאנקע, די שעהנע לאנקע?
קעהר זיך צו דעם הערר וואס האָט זי אפּגעקויפט?!
זי קעהר צו דעם וואנדערער וואס עמפינד'ט זי!

## III

איהר שפּאציר־פערד פון דער ליעבע, מיט'ן ציימעל פאר דער נשמה, כדי זיי זאָלען אויף די ברייטע וועגען פונ'ם לעבען געהען שפּאציר—ע—לען!

איהר שפּאציר־פערד פון דער ליעבע, ווי גרינג געפינט איהר אייער וועג, בעת דאָס ערדלע, ווילד־בלוטיגע פערד „קינסטלער־נשמה“ שפּרינגט אין דער וויסטעניש אריין!

IV

איינער נאָכ'ן אַנדערען האָבען זיך די יונגע מענער אָפּגע־קעהרט פון איהר, פון דער שטאָלצער, וואָס האָט אַלעמען צעבראָכען מיט איהר זעלבסטבאַוואוסטקייט.

בלויז ער, דער לעצטער, איז איבערגעבליבען, און געקוקט אויף איהר.

„צי איז נישט מעגליך אייך צו באַליידיגען, איהר הינטישער?!“

ער האָט געשוויגען, און געקוקט אויף איהר.

„איז נישט מעגליך אייך וועה צו טוהן, איהר הינטישער?!“

„פאַראַן בלויז איין־און־איינציג מיטעל!“

„— — —?!“

„קויפט אין דעם אַפּטייק אַ פלאַש קאַרבאָלוואַסער און באַגיסט זיך דאַמיט ס'פּנים און די הענט“.

זי איז רויט געוואָרען.

„איז דאָס ליעבע?“ האָט זי געטראַכט.

ניין, נישט די ליעבע איז עס געווען. די ליעבע איז אַ קליי־נער, אומבאַדייטענדער ליגען אויסגעטראַכט פאַר די פּרויען, וועל־כע ווילען קומען צו דער דערלעזונג פון זייערע נשמות, איבער דעם טויטען קערפּער פון „שעהנקייט“.

דאָס אָבער, וואָס דער יונגערמאַן האָט געפיהלט איז געווען אַ גרויסע, וואַרהאַפטיגע זאַך. די שעהנקייט־ליעבע.

עס איז געווען דער אמת אליין: קאַלט, גרויס, לויכטענדיג, טיראַניש!!

---

# איך ליעב דיך, איך האַס דיך.

**איך ליעב דיך.**

איך ליעב דיינע ליכטיגבלאַהע זיידענע זאָקען. איך ליעב דיין צאַרט, ווייס באַטיסטען קלײדעל. איך ליעב דיין זיידענעם גאַרטעל מיט'ן לאַנגען וואונדערבאַרען שלייף. איך ליעב דיך.

איך ליעב דריי דיינע גרויסע ליעבע פון־דיר־געליעבטע ליאלקעס, מילדרעד, בעיבי און דאראטהי, וועלכע דו דריקסט צו דיין הארץ און זאגסט: „איהר טוט מיר אַזן גרויסע יסורים, מיינע טייערע, ווייסט איהר עס? שטענדיג האָט איהר צעקנייטשטע קליידלאך און די הוי־טעלעך אויף א זייט — — — !“

איך ליעב דיך.

איך ליעב דעם דופט פון דיין צימער, פון דיין קליידערשראנק, פון דיין בעט. פונקט אזוי שמעקען די קארעס פון די ביימער אין פריה־פריהלינג, ווען עס איז נאך נישטאָ קיין בלעטער און די גאנצע קראפט ליגט אינוועניג אין די ביימער. איך ליעב דיך.

איך ליעב דיך, ווען דו ווערסט באשטראפט פאר עפעס און דו ווערסטו אין גאנצען א טרעהר, אזוי ווי דאפנע איז געווארען א בוים.

גרויסע מענשען וויינען, אבער די קינדער זענען טרעהרען

איך ליעב דיך, ווייל דו שטעהסט נאך א שמייכלענדיגע ביים טויער פון לעבען. איך ליעב דיך.

וועלטווייזהייט פארמאגסטו, ווייל דו ווייסט נאך גארנישט.

דו שעהנע! מיט א נישט־בלאנזשענדיג אויג זיצסטו אויף דעם ווייסען קעניג־שטוהל פון דיין יונגשאפט!

איך ליעב דיך.

אַה, טו מיר לאזען וויסען וועגען דער נאכט, ווען די גרוי־זאמע שלעכט־גוטע נאטור וועט דיך פאר א ווייב מאכען!

דעמאלט וועל איך מיך געזעגענען — — — מיט מיין איינענער ליעבע.

---

## איך האס דיך.

איך האס דיך, געליעבטע! איך האס דיינע שעהנע זיידענע בלוזען, וועלכע ווייזען מיר דאס הויבען־און־פאלען פון דיין אטעם און דאס הויבען־און־פאלען פון מיינע פערלאנגען, און וועלכע

בערוואנדלענע מיין „גריכישענ שמייכעל“ אין דעם טויט־ערנסט פון א ווילדענ. איך האס דיך.

איך האס דיינע ווערטער, וועלכע טון וואס זיי ווילענ, אס מאכען מיך רויט און בלאס, קראנק און געזונט, נאריש און קלוג. איך האס דיך.

איך האס דיין שעהנקייט. דיין שעהנקייט האס איך, וועלכע פארנעמט ביי מיר דעם פלאץ פון וועלט־שעהנקייט און שלאגט מיט בלינדקייט מיין וועלט־אויג.

איך האס דעם ליעבען קלאנג פון דיין שטים, וועלכער מאכט פאר מיר ליידיג אלע בעטאווען־סימפאניען און נארט־אפ מיין אויער און מאכט עס פאלש. איך האס דיך!

איך האס דיך, דערפאר, ווייל דו נעהמסט צענויף אלע מיינע שטארבענדיגע, צושפרינגענדיגע וועלט־כוחות, און דו לייגסט זיי מוטערליך־ליעב אין דיין בעט פון אונטערטעניקייט.

דו ליעבליכע, קלוגע! איך האס דיך.

איך האס דיך דו „אידעע־פיקס“ פון מיין נשמה!

איך האס דיך ווען דו זאגסט צו מיר: „קום ווידער“. איך האס דיך ווען דו זאגסט „א, בלייב דא!“ ווייל איך — איך קום ווידער און בלייב דא. די איינצאמעריי פון מיין אונגעצאמטקייט! איך האס דיך!

איך האס דיינע מעלות, וועלכע ריהרען מיך, איך האס דיינע פעהלערען, וועלכע באליידיגען מיך קיינמאהל נישט.

איך האס דיין רויטלען־זיך וואס ברענגט מיך אין זיעבעטען הימעל פון גליק, און דיין בלאס־ווערען וואס דערשרעקט מיך. איך האס דיך, ווען איך לעז מיט א ציטער די אקער־שפורען פון שווערע שעה'ן אויף דיין שטערען.

די אהין־א־סוף'יגע כוחות פון מיין נשמה, פארען זיך נישט צענויף מיט דעם א ל, זיי זינדיגען מיט דיין הארץ, א, געליעבטע!

אט־אזוי האס איך אין דיר אלצדינג וואס איך האב ליעב!

איך האס דיך! וועלט־נארישקייט ביזטו! ווייל דו פיהלסט אין מיר דעם איינפאכען פארטרעטער פון דער וועלט־גאנצקייט, פון

דעם וועלט־געבוי, וואס דו קענסט נישט באגרייפען, און עקסטראקט בין איך דיר וואס דו קענסט זעהן און אנריהרען.

איך אבער בין עס נישט. איך ק ע ן דאס ווערען. אבער נישט דורך דיר, געליעבטע! נאר דורך דער וועלט־שעהנקייט קען איך עס ווערען, וועלכע האט אנגעהויבען מיט דעם קרייד־וואלד און ציהט ווייטער־ווייטער ביז אין די לעצטע שעה'ן.

דורך דער וועלט־שעהנקייט קען איך עס ווערען, וועלכע האט די אהן־סוף'יגע שטראמען פון איהר קראפט אריינגעגאסען אין מיר, דורך מיינע געהייליגטע אויגען. און איך האב די קראפט געטרונקען און זי איז אין בלוט פעראנדעלט, אין נשמה!

דאך דיינע שטראמען, א, געליעבטסטע געליעבטע, מאכען מיך נאר פאר'ן הערשער פונ'ם טאג, וועלכער קומט און פארגעהט.

איך האס דיך וויייל דורך דעם וואס דו פיהרסט מיך אראפ פון מיין וועלט־וועג, ווייזטו מיר דעם שמאהלען וועג, וואס פערהאלט מיין טראט. מיט דער גריכישער שעהנקייט פון דיין לייב ווייזטו מיר דעם קליינעם קרייז, מיט וועלכען נאר די שוואכע באנוגענען זיך. ווער ס'זוכט רוה איז דער פרוי איז קיין וואנדערער נישט!

א, דו מיין געליעבטע רייך־מאכערין וואס פאראעמסט מיר מיין וועלט!

זעה! דאס שמייכלען פון דעם פרעמדען קינד מוז מיר בלייבען טייערער ווי מיין אייגען לאכען.

ווייב, פארשטעהסטו עס?

ווארים מיין פאטערליכע ליעבשאפט יקלעקט פונקט־גענוג פאר אלע קינדער, וועלכע זענען שוין דא און וועלכע וועלען ערשט קומען, אויב זיי זענען נאר שעהן און פריהלינגדיג.

טויזענדפאך ערעמזעליג, טויזענדאפכער נישט־מאן איז יענער וואס פיהלט אז ער מוז זיך ערשט אליין באשאפען א וועזען, אויף וועמען אויסצוברענגען זיין פאטערליעבע!

דו אבער בלייבסט געליעבטע און געמאטערטע הייליגע יונג־פרוי־מוטער! און ווייטער גארנישט.

געליעבטע ליגנעריו, וואס דו פיהרסט מיך ארויף צו די הויכ־

קייטען, כדי מיך אראפ־צופיהרען צו דיינע הויכקייטען. פער־פיהרעריז, איך האס דיך!

א, טו מיר מעלדען דעם טאג ווען איך וועל דיך נישט מעהר ליעב האבען — — — דעמאלט וועל איך מיך אפגעזעגענען — — — — מיט מיין האס!!!

## זומער נאכמיטאג.

הערר קעניגסבערג האט זיך באקוועם־געמאכט אויף דער רוי־מער וועראנדא, געדויכערט פיינע ציגארעטען.

עס האט געשמעקט פון רויזען און פון גראז.

„אלעס איז דא מיעד!" האט ער געפיהלט „אט־דא אין דעם פייר־נעם זומערוואוינונג. די יונגע הויזפרוי איז ווי אויסגעמאטערט. בלויז די גאלדענע האאר זאגען: „מיר האבען אמאהל בא'־כישופט. בא'כישופ'ט — — —!"

דער הויז־האר איז געדולדיג מיעד. ער איז ווי אן ארבייטער, וואס שלעפט קוילען זעהר טיעף אונטער דר'ערד. דער גארטען אפילו איז מיעד, נישט־פארטיג־געווארען. רויזען בליהען לעבען זופ־גרינס, דאן קומען פיינע פלאנצען אויסגעשטעלט אין טעפ. דאן טונקלע קוסטען, דאן פעלד, דאן ליכטיגע בייטען מיט אומ־באקאנטע בלומען, דאן א באנק מיט אן ארויסבליק אויף די קליי־נע בערג. דאס בלייבע דיענסטמיידעל שלייכט זיך ארום, שא־קעלט שעה'ן דורכאנאנד דאס הענגבעטעל מיט'ן קינד. דאס והאונדערשעהנע קינדערמיידעל קושט־און האלזט דעם ריעזיגען קייט־הונד, וועלכער בייסט אלעמען. איך גלויב, אז ער וויל זי באזיצען, ערגערט זיך וואס זי איז נישט קיין צויג, א מיעדע וועלט, קיינער האט זיך נישט אויסגעלעבט ביז צום סוף — — —"

קעניגסבערג שלאפט־איין אינ'ם דופט פון רויזען און פון גראז.

דאָס דיענסטמיידעל און דאָס קינדערמיידעל זיצען אין דער קעלער־קיך.

„דער הערר קעניגסבערג איז אַ קאָמישער מענש", זאָגט ס'דיענסטמיידעל „אַזוי ווי אַן אַקטיאָר. וואָלסט געוואָלט ליגען מיט איהם אויף דער וועראַנדאַ ? !"

דאָס האָנגערשעהנע קינדער מיידעל זאָגט : „האַלט ס'מויל !"

דאָס דיענסטמיידעל : „ער שלאָפט".

„ער רויכערט מסתמא. ער האָט צו מיר געזאָגט : דער הונד איז אין איהך פאַרליעבט. טאַניעטאַ". דערנאָך האָט ער געפרעגט פון עפּעס אַן אַף, וואָס געפינט זיך אין פּאַרק, ביי די חיות, וואָס האָט איהם געקושט די האַנד. זי הייסט „מאַזשאַ". „איהר האָט באַדאַרפט זעהן" האָט ער געזאָגט, „ווי דאָס באַשעפעניש האָט זיך געלאָסטשעט צו מיר. אַט די אַלע עדלע באַשעפענישען" האָט ער געזאָגט „שטאַרבען פון אויסצעהרונג".

„ווער ווייסט וואָס אונזער באַלעבאָסטע טראַכט פון איהם ? !" האָט געזאָגט ס'דיענסטמיידעל.

„די באַלעבאָסטע ? !" האָט געזאָגט ס'קינדערמיידעל „דו מיינסט דער באַלעבאָס ? !"

אין צוויי שעה אַרום האָט זיך קעניגסבערג אויפגעכאַפּט פון שלאָף. „איך האָב לאַנקעס איינגעאָטעמט" האָט ער געפיהלט אינ'ם ווייסען גאַרטענגעצעלט זעהען געזעסען פּעסט. אַן עדלע דאַמע מיט אַ פראַנצויזישען שטרוי־הוט באַפּוצט מיט זשאַר־זשיון־בלומען, און איהר פופצעהניעהריג טעכטערל.

קעניגסבערג האָט באַגלייט ס'פריילין דורכ'ן גאַרטען, האָט איהר געוויזען די שעהנקייטען.

„ס'איז עפּעס אַזוי ווי צוויי גערטנער, אַ קונסט־גאַרטען און אַ גרינצייג־גאַרטען" האָט געזאָגט ס'פריילין „און אַז מען וויל איז עס עפּעס גאָר קיין גאַרטען נישט, אפּען פון אַלע זייטען — —"

„אַזוי ווי די וועלט" האָט ער געזאָגט.

זיי זענען צוגעקומען צום פעלד, וואו עס זענען געשטאַנען די טונקלע קוסטען, און וואו ס'איז געהען אַ שמאָהלע סטעזשקע

פון קיזעלשטיין. איהר קלייד האט געראוישט. דאן זענען זיי גע־קומען צו דער באנק, מיט'ן ארויסבליק אויף די קליינע בערג. זיי זענען געווען אפגעשלאסען פון אלעמען.

זי האט זיך געדרויטעלט, איהר עדעל בלוט האט ארויסגע־שטראמט צו דער אויבערפלאך פון איהר זיס לייב.

„א מאדנער גארטען" האט זי געזאגט „אזוי פארווילדעט — — — ווי אין א ראמאן".

טויזענד לעבענס האבען אין איהם געשטראמט. ער האט געזעהן אט־די שעהנע ליבע נשמה, און ער האט זיך פאר איהר אראפגעלאזט אויף די קניען.

שפעטער האט איהר מוטער געזאגט: „א קאמישער מענש דער הערר קעניגסבערג, ווי א שוישפיעלער. איז דאס ביי איהם א שפאס ? !"

דאס יונגע מיידעל האט געפיהלט „ער האט זיך פאר מיר אראפגעלאזט אויף די קניען — — — ! א מאדנער גארטען עפעס! — — — הערר קעניגסבערג, קוש מיינע פארמאכטע אוינגע־רעקלעך — — — !"

דאס קינדערמיידעל איז ביינאכט געגאנגען צום קייט־הונד, וועלכער האט זיך אין גאנצען אויסגעשטרעקט און זיך געלאזט גלעטען די ווייכע פעל.

„ער ליעבט מיך טאקע אויף אן אמת — —" האט זי גע־טראכט.

זי האט געשמייכעלט איבער זיך אליין. „הערר קעניגסבערג האט ליעב מאזשא'ן", האט זי געטראכט.

די אומבאקענטע ליכטיגע בלומען האבען געשמעקט. איבער'ן פעלד איז געלעגען א ווייסער ערד־אטעם.

די יונגע הויזפרוי איז געזעסען מיט איהר מאן אויף דער באנק, מיט'ן ארויסבליק אויף די קליינע בערג.

די דאמע האט געזאגט: „אפשר וואלט ער געווען א שידוך פאר אונזער קליינער ? !"

„נעהם דערקוילע זי אהן א מעסער! וואס האט זי דיך אזוינס געטון? !“ האט געזאגט דער מאן.

די דאמע: „קעניגסבערג. — — ער איז כמעט פערליעבט אין „מאזשא׳ן“, כסדר רעדט ער פון איהר. זי מוז זיין אן עדלע היה, איהר קוש, זאגט ער, איז פאר איהם די מיסטעריעזע וועלט־פריינד־שאפט. ער זאגט: „איינע־ שטאמט פון די פיליפינישע אינזלען, קושט מיר די האנד — — — !“

דער הויזהאר האט צענויפגעקנייטשט מ׳קערפער, ווי אן אר־בייטער, וואס שלעפט קוילען זעהר טיעף אונטער דר׳ערד.

„ער איז נישט קיין געזונטער“ האט ער געזאגט „עקס־צענטריש, ער וועט נישט גוט ענדיגען — — —“.

די אומבאקאנטע ליכטיגע בלומען האבען געשמעקט — — —.
די דאמע האט געבליקט צו די קליינע בערג — — —.

---

## דער רעוואָלוציאָנער זאָגט:

קענסטו דיר פארשטעלען, מיין פריינד, אז א באטאניקער מיט דעם „טריפה׳נעם הונגער“ אין זיינע נערווען זאל זיין פעהיג צו אנאליזירען א געקעכטס פון גרינע ארבעס, אדער פון פרישע מעה־רען?

קענסטו דיר עס פארשטעלען, זאג?!

און איהר נישט־געלעהרטע, מיט אייער „טריפה׳נעם הונגער“ אין די נערוען, דערוועגט זיך צו שטעלען א דיאגנאז איבער דעם צארטסטען געבוי „ווייב“.

איהר נארען! מיט׳ן טריפה׳נעם הונגער אין דער נשמה!

* *
*

פאראן בלויז איין אונאנשטענדיגקייט פון דאס נאקעטע — — — צו האלטען אז דאס נאקעטע איז אונאנשטענדיג!

* *
*

ס'אייגענע לעבען נישט נעהמען מעהר ערנסט ווי שעקספיער'ס א שטיק! אבער אויך נישט ווענינער ערנסט! זיך לאזען פונ'ם לעבען „אריינגעהמען אין די הענט אריין", ווי אין טעאטער. דאס טעאטער פונ'ם לעבען. צו זיין דער אידעאלער צו־זעהער פון זיך זעלבסט! צו זיין אין גאנצען אינוועניג און פונדעסטוועגען קענען ארויסקומען פון דעם אויסטערלישען פלאנעטער אין דער פרישער נאכטלופט אריין; דורכצולעבען דאס וואס מען האט נישט געלעבט, נישט דורכצולעבען דאס וואס מען האט געלעבט!

אזוי לייטערסטו זיך — פון דיר אליין!!

און די טראגעדיען פון דיין „זעלבסט" ברענגען דיר דעם שמייכעל — — — פון ווארהייט!

* *
*

די טראגישע שוואכינגען: עסען, ווען מען איז נישט הונגעריג. טרינקען, ווען מען איז נישט דורשטיג. זיך באוועגען, ווען מען דארף האבען רוה, זיך פאארען ווען מען האט די ליעבע — נישט אין זיך.

אין חכמה פיהרט אונז די נאטור! ווען מיר הונגערן, פיהרט זי אונז צום ברוט. ווען מיר דארשטען — צום וואסער, ווען מיר זענען מיעד — צום שלאף. ווען מיר זענען פול מיט ליעבע — צום וויב.

* *
*

שלאף! הייליגער צענויפזאמלער פון די כוחות, וואס זענען פארלוירען געגאנגען אין דער טאג־מלחמה! אונטער דיין הייליגער פיהרערשאפט, שלאף, איז נישטא קיין ניעדערלאגעס!

אלצדינג פארגיב איך דעם מאן — — — נאר נישט דאס אומזיסטיגע ראנגלען־זיך! שווייגענדיג דעק־צו דיין קאפ, צעזאר פון לעבען, ווען ברוטוס, דאס מזל, גיט דיך א טויט־קלאפ! אומזיסט ראנגלען־זיך — דאס פאסט פאר'ן ווייב, די ש ק ל א ו ו י ן פון לעבען! אפילו ווען זי איז שוין אין טיעפען אפגרונד, קריכט זי נאך אלץ די פינגער, זיך אין עפעס אנצוכאפען!

* *
*

דאס נישט־קענען זיך פעראייניגען מיט קיין אנדערער פרוי ווי מיט דער, וועלכער מען ל י ע ב ט מ י ט ד ע ר נ ש מ ה. דאס איז די נעטליכע פאטענץ!

דער מאן האט א ליעבע — — — די וועלט!
די פרוי האט א וועלט — — — די ליעבע!

* *
*

דער פארזיכטיגער, שרעקעדיגער לעבענס־מענש שיקט אריבער זיינע אידעאלען, מיט דער הילף פון רעליגיע, אויף די שטערען, אין הימעל, כדי ער זאל זיך קענען איבערציינען, אז ס'איז נישט־מעגליך זיי צו דערגרייכען.

דער נישט־איבערטראכטענדיגער און געוואגטער קינסטלער־מענש, לאזט זיינע אידעאלען לעבען אין זיין אייגענער ברוסט, כדי ער זאל נישט קענען פון זיי אנטרונען!

* *
*

מאן, קעניג פון לעבען! ווען וועסטו דיך ענדליך דערוועגען, צו פארבינדען מיט דיין געליעבט ווייב, אויף אן אנדער אופן, ווי דער וועלכען דו הייסט דעם כבוד און פארגנינען צו טיילען מיט דעם הונד, דעם שוויין, די קאץ? !!!

דער קינסטלער־מענש פערלאנגט פון זיין ווייב בלויז איין־און־איינציגע נעטריישאפט — די נעטריישאפט צום מענשליכען מין! זי זאל עם נישט שענדען!

אבער די אנדערע ווילען — — — זיך זעלבסט דורך א י ה ר פארפלאנצען אין דער אייביקייט. הא, הא, הא! אויף אן אופן ווי אזוי צו טרוימען פון פארפולקומונג!

* *
*

איך וויל א קעניג זיין וואס בעטעלט ביי א קעניגין, נישט קיין בעטלער וואס איז א קעניג ביי א בעטלערין!!

* *
*

די אייפערזוכט איז נישט קיין ליידענשאפט. עס איז א גע־וויסע שרעק! די טיעפסטע שרעק, די אייביגע פון לעבען, די אר־גאנישע מורא פון וועלכער קיינער קען נישט אנטרינען. די מורא צו פארלירען עפעס־וואס, אהן וועלכען מען קען מעהר נישט זיין לעבעדיג — —. א הארץ, א לונג, דעם רוקענמארך, ס'געהירען, ס'הארץ פון אן אנדערען וואס איז געווארען א ו נ ז ע ר ס, און וואס שיצט און דערהאלט דעם לויף פון אונזערע בלוטען, פונקט ווי ס'א י י ג ע נ ע הארץ.

די אייפערזוכט איז נישט קיין ליידענשאפט! עס איז א גע־ווייסע שרעק, די אייביגע, ארגאנישע, צו מוזען אינערליך אפשטאר־בען! עס איז די טויט־שרעק!

---

# עקאָנאָמי.

„דו זאלסט עסען ווען דו ביזט הונגעריג און אויפהערען נאך איידער דו ביזט זאט" איז א פיעל טיעפער און געטליכער געזעץ ווי „דו זאלסט נישט גלוסטען צו — — —" און עהנליכע. ווארים דארט וואו דאס ערשטע געזעץ הערשט, זענען די אנדערע נישט נויטיג. אין איהם ליגט די קראפט, די רוה, די ווייזהייט, די ווארהייט, דאס גליק!

אינ'ם אויסדרוק פון פנים שטעהט געשריבען מיט פשוט'ע און קלאהרע שורות: „אט־דא הערשט טייוולישער צו־פיעל" אדער „דא רעגירט די געטליכע נויטווענדיקייט!"

ארייגצוטרייבען מעהר דאמף אין א לאקאמאטיוו וויסיעל עס איז נויטיג פאר זיין העכסטער באוועגונג, דאס קען נאר טון א משוגע־געווארענער מאשיניסט.

אזוי איז דער מענש!

ער לויפט משוגענערווייז איבער דעם וועג־פון־לעבען און ווערט צומאהלען אויף שטיקלעך — פון זיך אליין!

אויף די קרייציגונג האט א דערלעזונג־תאוה.

די פרוי וואס שטארבט פון איהר ליעבע, עמפינדט די זעלבע תאוה, ווי זי האט געהאט אינ'ם חופה־בעט. זי פאלגט דעם לעצ־טען באפעהל פון איהר הארץ! תאוה איז „די דאנקבארקייט פון דעם נערווענסיסטעם", דערפאר וואס מען פאלגט זיינע נערעכטע פאדערונגען. די דערפילונג פון געזעץ עמפינדט דער מענש אלס תאוה. די לעצטע זיפצען פון א צום־טויט־געשענקטער ליעבע, האבען דיזעלבע מוזיק ווי די פונ'ם חתונה־בעט!! די נשמה האט

געפונען דערלעזונג. ביידע געהען־אוים אין ליעבע, אויפ'ן זעלבען
אופן — די גליקליכסטע און די אומגליקליכסטע! אהז תאוה לעבען
יענע, וואס אכטען נישט די געזעצען פון זייער נשמה.

* *
*

דער שלאף איז דער הייליגער וואונש פון דער נאטור צו פרו־
ווען פערהיילען די טאג־וואונדען. אפצושניידען דעם שלאף פאר
דער צייט, הייסט: אוועקרייסען הייליגע באנדאזשען פון וואונדען
וואס האלטען זיך אין צענויפוואקסען!

מען האט געפרעגט א מוטער: „ווי אזוי ציהט איהר אויף
אייער טאכטער?!"

„איך לאז זי שלאפען — —" האט געענטפערט אט־די בעסטע,
קלוגסטע.

איך וואלט ארויסגעלאזט א געזעץ, אן איינציגס: יעדער האט
א רעכט אויף דעם נישט־געשטערטען, פון־זיך־זעלבסט־אויפהע־
רענדען שלאף!

וואו ד א ס געזעץ הערשט, זענען אלע אנדערע געזעצען איבי־
ריג. עס נעהמט אין זיך ארייין: פריעדען, דאס געזונט־זיין און
דאס גליק!

שלאף! שטענדיג קום איך צו דיר צוריק, ווייל דו ביזט דאס
פיזישע עוואננעליום פון די נערוועו!

* *
*

די פרוי שטעלט־פאר מיט איהר „שעהנעם קערפער" דאס,
וואס דער קינסטלער־מענש דריקט אוים אין זיין „שעהנעם גייסט".
דאס זשעני פון איהר לייב איז געגליכען צו דעם זשעני פון זיין
גייסט. איהר לייב איז זיין „מאטעריע־געווארענער" גייסט. זיין

גייסט איז איהר ענטמאטעריאליזירט לייב. וואס ער „דענקט“, „זיינ“ זי!

די צופיעלדיגע כוחות פון דער נשמה ארויסצולעבען אין שיכרות, אין עקסטאזען! דאס איז א געזונדהייט־רעגעל פון די הערצער — — — וואס ליידען פון צופיעלדיגע כוחות.

אבער די צארטע פרויען־נשמה האט נאר חלומות. חלומות זע־נען נישט קיין עקסטאזען. חלומות זענען נישט קיין שיכרות. זיי זענען בלויז חלומות פון עקסטאזען! זי קען איהרע צופיעל־דיגע כוחות נישט פטור ווערען. פאר איהר איז נישטא קיין ריי־ניגונג־מיטעל. זי בלייבט איבערגעגעסען, קראנק. די היגטישע לייט אבער זאגען: „א היסטעריש פרויענצימער!“ דאס איז די נקמה פאר די עקסטאזען, וועלכע זיי לעבען נישט איבער — — — — — !

* *
*

דיכטער, דענקער, קינסטלער, נביא — — — קען נאך זיין בעסער?!

יא!

א העכט איז א טייך פון לויטער קארפען.

פארשטעהט איהר דען די „שטים פון דער הויף?“!

אבער ווען דער העכט רופט, פארשטעהט איהר — — — זיך צו חז׳דלען, צו מאכען אנשטעלען!

רוף, דו העכט!

* *
*

א יונגע דאמע האט אמאהל געזאגט: קיינער פארשטעהט נישט דעם הערר א. ק. — — — יערער זאץ זיינער איז דער אכטער זאץ.

מיט די פריהערדיגע זיעבען זאצען פארלאזט ער זיך אויף אונז! אט וואס פאר א כבוד ער גיט אפ אונזערע הערצער, אונזער גייסט. ער רעדט צו אונז ווי צו „דערוואקסענע", ווי א קאפעלמייסטער פון דער גרויס־אפערא רעדט צו זיינע ארטיסטען. באשיידען זיצען זיי ביי זייערע שטענדערס, בליקען אויף איהם מיט צוטרוי און פארשטעהען וואס ער וויל.

אבער מיט אייך וואלט ער באדארפט רעדען ווי מיט חדר־קינדער, אלף, אלף, אלף, בית, בית, בית.

* *
*

דעקאדענץ? געבורטס־וועהען פון קינפטיגע אנטוויקלונגען. אויך די פרוי ווערט אבגעשוואכט דורך שוואנגערשאפטען! נעזונטס־קראנקהייט פון א קראנקער געזונטקייט!

* *
*

גליקליכע ליעבע? — די ליעבע וואס האט ס'גליק עס זאל איהר אפגעשניטען ווערען דער „הייליגער וועג" דורך א ציעל.

אומגליקליכע ליעבע?! אזא וואס האט ס'גליק פון יענעם וואס „וואנדערט אייביג צו דער זון".

* *
*

אונשולד?!

קערפער־טיילען וועלכע זענען ביז אהער זעלבסטהערשער געוועזען. ארייננצעצווינגען אינ'ם הייליגען דיענסט פאר'ן קעניג „נשמה" זיי צו דערהויבען צו א מדרגה, ווא זיי וועלען אויספיהרען די הייליגע קעניג־באפעהלען!!

דאַנטע דער דיכטער איז געשטאַנען אין א לארבעער־וואלד 16 יאהר און געוואַרט אויף זיין געליעבטע בעטריצע — — —.

די אַנדערע אבער ווארטען א טאג. — — — און דערנאָך געהן זיי אוועק אינ'ם „בלוטגעסיל", נישט קלינגען, קלאַפּען!

---

# אַזוי ווי אַ בילד.

עס איז געווען א קליין, א גאנץ קליין גערטענדעל.

אַרום־און־אַרום האבען געוואקסען אגרעסען רויטליכע.

אַלצדינג איז געווען רויט און טונקעלגרין.

ביי די קליינע קיזעלשטיין־שטעגען זענען געשטאַנען, געדיכט איינס צו'ן ס'אַנדערע, גראַהגרינע נעלקען־שטאַמען מיט גרויסע, רויטע נעלקען

זיי האבען ארויסגעאַטעמט דופט און דופט.

עס איז געווען אווענד.

אויף א באַנק איז געזעסען א יונג מיידעל, אין א דין־זיידענעם רויטען קלייד.

זי האט געטרוימט: „איך ליעב איהם — — —"

דאנעבען איז געווען א קליין, גאַנץ קליין גערטענדל.

אַרום־און־אַרום האבען געוואקסען אגרעסען ווייסע. אלצדינג איז געווען ווייס און טונקעלגרין.

ביי די קיזעלשטיין־שטעגען זענען געשטאַנען, געדיכט איינס לעבען ס'אַנדערע, גראַהגרינע נעלקען־שטאַמען מיט גרויסע ווייסע נעלקען.

זיי האבען ארויסגעאַטעמט דופט און דופט. — — —

אויף א באַנק איז געזעסען א יונג מיידעל אין א דין־זיידענעם, ווייסען קלייד.

זי האט געטרוימט: „ליעב איך איהם? !" — — — —

די לבנה איז אויפגעגאַנגען.

דער רויטער גארטען און דער ווייסער גארטען האבען זיך גע־ליכטיגט אין געלגרינעם זילבער פון דער לבנה. — — —
— — — — — — — — — — — —

אין דעם קליינעם זומערהויז מיט'ן רויטען גערטענדעל האבען געשימערט אין די פענסטער גאלדגעלע וואקסליכט־בייערען.

דאס יונגע מיידעל אינ'ם רויטען זייד האט א ציטער געטון.

דערביי האט זי זיך אויפגעהויבען און איז אריינגעגאנגען — —.

אין דעם קליינעם זומערהויז מיט'ן ווייסען גערטענדעל זענען די פענסטער געבליבען טונקעל.

דאס יונגע מיידעל אין דעם ווייסען זייד האט א ציטער געטון.

אבער זי איז געבליבען זיצען און גע'חלום'ט. — — —

עס איז געווען נאכט.

איבער דעם קליינעם גארטען איז געלעגען דאס לבנה־ליכט —.

די רויטע נעלקען און די ווייסע נעלקען און די טונקעלגרינע בלעטער פון די קוסטען זענען געווען נאס און האבען געבליש־טשעט — — —.

אין דעם זומערהויז מיט'ן רויטען גערטענדיל האט געשלאפען א יונג מיידעל — — —.

די לבנה האט געלויכטען אויף דעם רויזיגען לייב, און אויפ'ן רויטען זייד אויפ'ן בענקעל.

זי האט גע'חלום'ט: „ליעב איך איהם ? ! — — —"

אין דער זומערהויז מיט'ן ווייסען גערטענדיל איז געשלאפען א יונג מיידעל.

די לבנה האט געלויכטען אויף איהר שנעע־ווייס לייב און אויפ'ן ווייסען זייד אויפ'ן בענקעל.

זי האט גע'חלום'ט: „איך ליעב איהם — —"

דער מארגען איז געלעגען מיט ירוירויטער פארב איבער דעם גערטענדיל.

אלצדינג איז געווען נאס און בלישטשענדיג — —.

און די מיידלאך האבען ארויפגעצויגען די דעקעס איבער'ן קאפ און געשלאפען אהן חלומות — — —.

# אין קליינעם צימער.

דאס קליינע צימער שמעקט ווי בארג־לאנקע. אין א וואזע שטעהען דיקע בינטען פון „דאפנע קנעארום“ — רוויזרוויטע שטערנ־בלומען.

„דאפנע קנעארום — — —“ זאגט ער ביים אריינקומען, טוט א שמעק צו די אלע בלומען מיט זייערע פיינע דופטען און פארבען, טראכט פון די הויכע בערג אין זונליכט.

„טשעפע נישט מיינע בלומען — — —“ זאגט זי, „וואס ארט דיך ווי אזוי זיי הייסען — — — ? !“

זי טוט זיך אויס, קריכט אין בעט אריין.

„הער נאר דו, וואס האט ער געמיינט, מאקס ? ווועט איהר טאקע מעהר נישט קומען צו מיר ? !“

„ניין — — —“ זאגט ער, עס קאסט געלד און מענשען רע־דען. וואס זענען מיר ? קארעטען ? וואס ? !“

שטיל.

„קען מען זיך נישט העלפען — — —“ זאגט זי מילד.

ער פיהלט דעם דופט פון ריינעם פרויען־אטעם און פון בארג־לופט.

זי ליגט און ריהרט זיך נישט.

דערנאך זאגט זי : „עס טוט מיר זעהר לייד — — — איך האב שטאלצירט מיט אייך — — — שטאלצירט. איך האב שטענדיג געזאגט „מיינע פריינט — — !“ אפשר האב איך מיך נישט אויפ־געפיהרט ווי איהר האט געוואלט. איך האב בעדארפט שפיעלען קאמעדיע, טעאטער, שווינדלען — —“

„דו נאר, דו קינד — — !“ זאגט ער און קושט איהר די האנד.

„איהר זענט פיינע מענשען — — — !“ זאגט זי. „זיידענע ! פארוואס זענט איהר געקומען ? צו וואס ? ! מען קען זיך נישט העלפען — — —. אויף יעדער זאך ענטפערט מען „מען קען זיך נישט העלפען“. איך קען מיך נישט אויסדריקען אזוי פיין, אבער

אויף אלצדינג איז דא א תירוץ. — — — זעהסטו? איך קען אויך דענקען. — — — וואס האב איך געוואלט זאגען? דער ראבערט איז אזא פיינער יונג, איך מוז דיר דערצעהלען א געשיכטע. אבער דו זאלסט עס נישט צעפּויקען. ער האט מיר אמאהל געזאגט: „דו ביזט מיעד, אנא, שלאף — — ! ״ „צוליעב דעם זענען מיר ארויפ־געקומען — — — ? ! ״ זאג איך. „איך האב נישט ס׳הארץ, ווייל דו ביזט מיעד״, זאגט ער „עס איז ווי נאך א קלעטערען אויף די בערג״ איז דאס נישט פיין, הא? — — — איך בין טאקע איינגע־שלאפען איך. ווי אזוי האב איך מיך געטרויט? ער געפעלט מיר נישט זעהר שטארק. אבער ער האט געזאגט „אנא, שלאף!״

שטיל. זי גיט א זיפץ. שטיל — — —

„איהר זענט פיינע מענשען, זיידענע! עס טוט מיר זעהר לייד — — —״

שטיל.

„מען קען זיך נישט העלפען — — — זאג מאקס׳ען — — —״

„אז וואס?״

„גארנישט — — —״

שטיל.

„פארוואס זענט איהר געקומען? ווי אזוי? ! איך פארשטעה עס נישט. איהר זענט זיידענע מענשען. איך וועל דא איינטריקע־נען — — —״

דאס קליינע צימער שמעקט פון דאפנע קנעארום.

זי קריכט ארויס פון׳ם בעט, זעצט זיך אין א ווייך בענקעל.

דאן עפענט זי די פארהאנגען און דער פריה־מארגען פליסט אריין ווי א בארג־שטראם.

„מאך פינסטער — — — !״ זאגט ער.

זי לאזט אראפ די פארהאנגען, קריכט צוריק אין בעט אריין.

„איך האב געהאט פריינט, דריי פריינט — — — ! די שוואר־צע בערטא קען גאר נישט פארשטעהן אזא זאך! ס׳הארץ טוט מיר וועה — — —״

ער זאָגט: „נו, גוט, מיר'ן ווידער קומען. אָבער וואָס האָסטו דאפון? מיר זענען דיר בלויז אין וועג. אין חודש יוני פאָהרען מיר סיי־ווי־סיי אוועק. מאקס פאָהרט צום ים, ראָבערט — אין די געבערג — — —"

זי: „איך האלט אייך דען? — — —"

זי ווערט אנטשלאָפען.

ער פיהלט: דער שלאָף! ער לעשט אָלצדינג אוים!

ער טראַכט: ווי ס'נארישע מזל זענען מיר, מיר עפענען אַ האַרץ, רייסען־אויף די ווייסע טויערען פון פריינדשאפט, דאָס ליכט פליסט ווי אַ בארג־שטראָם! דאן זאָגען מיר „וואָס זענען מיר? קארעטען? וואָס?!" אזוי איז דאָס לעבען, דענקען מיר. אַ וואונדערבארער תירוץ!

דאָס קליינע צימער האָט געשמעקט פון דאפנע קנעארום. ווי טאָל־ווייִרויך — — —.

די בידנע נשמה שלאָפט!

דער שלאָף וואָס לעשט אָלצדינג אוים, בארוהיגט!

---

# אַ שווער האַרץ.

עס שטעהט צווישען לאנקעם און פרוכט־גערטנער — אַ גרויס, געל הויז. עס איז דאָס „מיידעל־אינסטיטוט פון ענגלישע פריילינס". אינוועניג זענען פאַראן אַ סך הייליגע שוועסטער און אַ סך בענקשאפט.

טיילמאָהל קומען די פאָטערס באזוכען די טעכטער. „פאַפאַ, ווי געהט עס דיר?" — — — —

אין אָט־דער־איינפאַכער מוזיק „פאַפאַ, ווי געהט עס דיר — — —" ליגען די טיעפע הימנען פון די קליינע הערצער. און אין דעם „אַריע, פאַפאַ — — —" פארקלינגען זיי ווי האַרפען־טראָפּענס.

עס איז געווען אַ האַלב־רעגענדיגער נאָוועמבער־זונטאָג. איך

בין געזעסען אין דעם ליעבען, קליינעם קאפע און געדרויכערם און גע׳חלום׳ט — — —.

א שעהנער הויכער מאן איז אריינגעקומען מיט א קליינעם וואונדערשעהנעם מיידעל.

עס איז, אין דער אמת, געווען א „מלאך אהן פליגלען“. אנגעטון אין א געלגרינעם, סאמעט־יאקעל.

דער הערר האט זיך אוועקגעזעצט לעבען מיין טיש.

„ברענגט די „אילוסטרירטע צייטונגען“ פאר מיין טאכטער!“ האט ער געזאגט צום שיק־אינגעל.

„א דאנק, פאפא, איך וויל נישט — —“ האט געזאגט דער מלאך אהן פליגלען.

שטיל — —.

דער פאטער האט געזאגט: „וואס איז דיר? — —“

„נארנישט“ — — — האט געזאגט ס׳קינד.

דאן האט דער פאטער געזאגט: „וואו האלט איהר ערגעץ אין מאטעמאטיק?!“

ער האט געטראכט: לאמיר רעדען פון עפעס א ברייטען ענין. די וויסענשאפט איז נישט קיין קלייניקייט — — —.

„פראצענט־רעכנונגען“ — — האט געזאגט דער מלאך „צו וואס באדארף מען עס? איך הויב נישט אן צו וויסען. צו וואס דארף מען פראצענט־רעכנונגען? — — — איך פארשטעה עס נישט — — —“

„לאנגע האר, קורצער שכל“ האט געזאגט דער פאטער מיט א געלעכטערל. און געגלעט איהר ליכטיג־בלאנדע האאר, וואס האבען געגלאנצט ווי זייד.

שטיל.

אזא טרויריג געזיכטעל האב איך נאך קיינמאהל נישט געזעהן! עס האט געציטערט ווי א יונג ביימעל אונטער דער לאסט פון שנעע. עס איז געווען אזוי ווי עלענארא דוזע זאל צוביישפיעל א דעקלאמיר טון: „אה! — —“ אדער ווען געמא בעלינטשיאני זאל עס זינגען — —.

דער פאטער האט געטראכט: „גייסטיגע ארבייט צעשטרייט. און סיי־ווי־סיי וואס קען עס שאטען? ! מען וויגט־איין די נשמה — — —“ מען מוז אויפוועקען א געוויסען אינטערעס.

ער האט געזאגט: „פראצענט־רעכנונגען! א, עס איז זעהר אינטערעסאנט. דאס פלעגט אמאהל זיין מיין שטארקע זייט (א שימער פון פערגאנגענעם פראצענט־רעכנונג־גליק האט איצט א שוועב געטון איבער זיין געזיכט). צומביישפיעל איינער קויפט א הויז. דו הערסט וואס איך רעד? — — —“

„איך הער — איינער קויפט א הויז“.

„צומביישפיעל אונזער הויז אין דער שטאדט ג. (ער האט עס אנגעהויבען צו מאכען אינטערעסאנטער מיט דעם, וואס ער האט אויף א געשיקטען אופן דערנעהנטערט די וויסענשאפט צו זאכען וואס האבען א שיכות צו דער אייגענער פאמיליע). עס קאסט 40,000 קראנען. וויפיעל מוז ער איינגעהמען כדי עס זאל אויס־מאכען 5 פראצענט? !“

דאס מלאך'על האט געזאגט: „קיינער קען דאס נישט וויסען — — — פאפא. דער אנקעל קומט נאך אפט אריין צו אונז?“

„ניין. ער קומט זעלטען. און אז ער קומט יא, זעצט ער זיך שטענדיג אין דיין לײדיגען צימער. געדענק־זשע 40,000 קראנען. וויפיעל איז 5 פראצענט פון 40,000? ! אנו, לאמיר הערען! פאר־שטעהט זיך, אזוי פיעל מאהל 5 קראנען וויפיעל הונדערטער עס איז פאראן אין 40,000! ? דאס איז קלאהר, איא?“

„זעהר קלאהר — — —!“ האט געזאגט דאס קינד און האט נישט פארשטאנען פארוואס אנקעל וויקטאר קומט איצט אזוי זעלטען.

דער פאטער האט געזאגט: „נו, לאמיר הערען, טאכטערשו, וויפיעל דארף ער איינ־נעהמען, עס זאל אויסמאכען 5 פראצענט? ! פארשטעהט זיך, אז 2000 קראנען. דאס איז זעהר פשוט!“

יא, 2000 קראנען. פאפא, דער גרויסער. ווייסער לאמפ אין עס־צימער רויכערט נאך אליז, אז מען צינדט איהם אן? !“

„יא. נו, איצט האסטו שוין א שטיקעל באגריף פון פראצענט־רעכנונגען ? !“

„יא. אבער ווי אזוי קען געלד זיך צעוואקסען אויף פראצענט ? עס איז דאך נישט קיין בארענבוים ? ! עס איז דאך אין גאנצען טויט, ס'געלד“.

„נארעלע — — — !“ האט געזאגט דער פאטער און געטראכט : „נאך אלעמען קעהר זיך דאס נישט אן מיט מיר, נאר מיט'ן אינ־סטיטוט“

שטילקייט.

זי זאגט זעהר ווייך, מיט געבעט : „איך וויל אהיים, צו אייך — —“

„זיי נישט אזוי ! דו ביזט דאך א קלוג מיידעלע“.

צוויי טרעהרען זענען פאמעליך געקומען ארונטערצעשווימען פון איהרע באקען.

דערלעזונג ! טרעהרען ! א בענקען־אהיים אויסגעביטען אויף בלישטשענדיגע פערל !

דאן האט זי געזאגט מיט א שמייכעלע : „איז אינסטיטוט זענען פאראן דריי מיידלעך. די עלטסטע מעג עסען דריי קיכעלעך, די אינגערע בלויז צוויי און די אינגסטע — בלויז איינס ! אזוי שטרענג איז מען ביי אונז מיט'ן עסען ! צי וועט מען זיי איבער־איאהר געבען מעהר ? !“

דער פאטער האט געשמייכעלט : „זעהסטו שוין ווי אינטע־רעסאנט ביי אייך איז !“

„אינטערעסאנט ? ! עס איז קאמיש. דאס קאמישע איז דאך נישט דאס אינטערעסאנטע, דאס לוסטיגע ?“

„קליינע פילאזאפקע !“ — — — זאגט דער פאטער גליקליך און שטאלץ. אין די פייכטגלאנציגע אויגען פון זיין טעכטעריל האט ער פונדעסטוועגען געזהן, אז פילאזאפיע און לעבען זענען צוויי באזונדערע זאכען.

זי איז געווארען רוהיג און בלאס, בלאס און רוהיג — — — —

אזוי ווי א קאמף וואלט פארקומען אויף דעם שעהן־ליעבען פנים. ס'איז געשטאנען דארויף געשריבען: „אדיע, פאפא, א, אדיע!“

איך האב געפיהלט ווי צו זאגען צום פאטער: הערר, גיט א קוק אויף דעם געזיכט! איהר הערצעל ברעכט זיך — — —!“

ער וואלט מיר געענטפערט: „מיין הערר, אזוי איז דאס לעבען! איעדער איינער קען דאך נישט זיצען אין קאפע און חלום'ען — — —“

דער פאטער האט געזאגט: „ווי ווייט האלט איהר שוין אין היסטאריע?!“

ער האט געטראכט: "מ'דארף איהר ארויסשלאגען די מעלאנכאליע. דאס איז ביי מיר א פרינציפ“.

„מיר זענען אין עגיפטען“, האט געזאגט דאס קליינע מיידעל.

„אה, אין עגיפטען!“ האט געזאגט דער פאטער, האט א מאך געטון א מינע, אזוי ווי ס'קען גארנישט געבען קיין גרעסער גליק ווי צו זיין אין עגיפטען. ער האט פשוט נישט געגלויבט, אז מען קען זיך נאר ווינשען עפעס בעסערס ווי צו זיין אין עגיפטען.

„די פיראמידען“ האט ער געזאגט „די באלזאמירטע קעניגע, סעזאסטרים, ראמסעס, פרעה. — דאן קומען די קעניגע פון אשור און פון בבל — — —“

ער האט געטראכט: „וואס מעהר איך לאז זיי אדורכמארשירען, אלץ בעסער!“

„אזוי?“ האט געזאגט ס'קינד, ווי איינער רעדט: „אפגעשטארבענע פעלקער! — — —“

„ווען לערנט מען אייך טאנצען?“ האט געזאגט דער פאטער.

ער האט געטראכט: „טאנצען איז א פרעהליכע טעמא“.

„היינט — —“

„ווען?!“

„באלד. אזוי גיך ווי דו וועסט זיין אוועקגעפאהרען. צווישען 8—7“.

„א, טאנצען איז זעהר געזונט. טאניז, מיין טאטער — —“

אז דער הערר האט זיך אויפגעהויבען אוועקצוגעהן און זיך

פריינטליך נעזעגענט מיט מיר, האָב איך געזאָגט: „ענטשול־דיגט מיר, מיין הערר. אַ, ענטשולדיגט מיר טויזענד מאָהל, איך האָב ביי אייך צו בעטען אַ זעהר גרויסע טובה — —"

„ביי מיר?"

„איך בעט אייך, זעהט אַז מען זאָל היינט באַפרייען אייער טעכטעריל פון'ם טאַנצען!" — —

ער האָט מיך אָנגעקוקט — — — און מיר געדריקט די האַנד.

„איך וועל עס טון!"

„ווי אַזוי פאַרשטעהסטו מיינע וואונשען, פריינד מענש?!"

האָט דאָס מלאך'על צו מיר געזאָגט מיט איהר גלאַנציגע אויגען.

„דו געה פאַראויס — — —" האָט דער הערר געזאָגט צום קינד.

דאַן האָט ער געזאָגט צו מיר: „ענטשולדיגט. האַלט איהר אַז דאָס איז אַ ריכטיגער פּרינציפּ?!"

„יאָ" האָב איך געזאָגט „ו ו אָ ס ס ע ק ע ה ר ז י ך א ן מ י ט ד ע ר נ ש מ ה א י ז ד ע ר ב ע ס ט ע ר פ ר י נ צ י פ נ י ש ט צ ו ה אָ ב ע ן ק י י ן ש ו ם פ ר י נ צ י פ ע ן!!"

---

# דער צווילינג.

זיי זענעןביידע געוועזען גלייך — —.

ביידע האָבען געהאַט בלאָנדע גאָלד־פעהימדינע האָאַר, צאַרטע בריסט און פיינע ווייסע הענט און פיס.

מען האָט נישט געקענט וויסען דעם אונטערשייד פון איינער צו דער אַנדערער — —.

איינמאָהל האָט אַ הערר געזאָגט: „אַ, איך ווייס וועלכע איז וועלכע — —!"

איינע האָט געטראָגען אַ בלאַנד האָאַר־קעמיל, די צווייטע אַ ט ו נ ק ע ל־געלם.

זיי זענען ביידע ארויסגעגאנגען און צוריק אריינגעקומען — — —.

מיט א שמייכעל האבען זיי איהם דערלאנגט ביידע האאר־קעמ־ליך, דאס בלאנדע קעמיל און דאס טונקעל־געלע.

דער הערר האט געקושט ביידע קעמליך — — — און איז נעוועזן באזיענט!

„ווי אזוי האט דער הערר פאן ל. געקענט באשליסען צו הייראטען מיט ד ע ר און נישט מיט י ע נ ע ר?" האט אמאהל א דאמע געזאגט:

„ער האט טאקע נישט געקענט" האט געענטפערט הערר א. „ער האט טאקע גענומען די א נ ד ע ר ע"

דאס איז געווען א שלעכטער שפאס און אלע האבען געלאכט. איבערהויפט די איינע!

אבער שפעטער האט ער באמת גענומען די א נ ד ע ר ע!

זי איז געווארען רויט!

אבער די ערשטע איז געוועזן בלייך — —.

איצט האט מען זיי שוין לייכט געקענט דערקענען — — — די איינע און די אנדערע!

---

# מ י נ י.

„ליעבע מינע, זייט אזוי גוט און ברענגט מיר — —"

„וואס בין איך אייך? אייער משרת?! צי וואס? — —"

ער האט זיך געבלייכט. ער האט עס געפיהלט אין אלע נערווען אזוי ווי טרעהרען, אין מח, אין מארך, אין בלוט. אומעטום האבען זיך טרעהרען געריסען, דורך די רעהרען פון די קנאכען האבען זיך טרעהרען דורכגעריסען, אין די אקסלען, אין די געלענקען פון די עלענבויגענס האט עס דורכגערונען, ווי א טרעה־

רען־רעגנען האט עס אראפגערונען איבער זיין הויט. „ער באדט זיך אין טרעהרען“ זאגט מען.

„וואס בין איך? אייער משרת?“ האט זי איבערגעזאגט „וואס רעכנט איהר זיך עפעס?“

ער איז פאמעליך אוועקגעגאנגען. „וועל איך אומפאלען?“ האט ער געטראכט. ער איז געגאנגען זעהר פאמעליך.

אויף דער גאס האט ער ארויסגענומען פון טאש א מאנדארין, און האט זי געלאזט אראפפאלען אין שנעע אריין. זי איז איינגעזונקען, האט זיך באגראבען ווי אין א ווייסער פערענע, די גאלדענע פרוכט פון מילאן. דאן האט ער אראפגעלאזט נאך איינע, און א דריטע האט ער פארזיכטיג אריינגעלאזט אין דעם דיקען שנעע־מיטצעל פון א גרויען ווינקעל־שטיין. „אט אזוי! וועט זי מעהר נישט עסען קיין מאנדארינען — — —“ האט ער געטראכט.

ער איז געגאנגען אהיים.

אין זיין קליין צימער האט ער צעלייגט אין ענגלישען אויוועלע א פאאר שטיקלעך וויים האלץ איינס איבער ס'אנדערע, ווי א צלם, האט אריינגעווארפען צוויי פעך־צינדלעך, האט געוואוארט א וויילע עס זאל זיך צעברענען און האט ארויפגעשאטען א מאסע קליינע קוילענשטיקער. עס האט זיך תיקף אנגעכאפט און די ווייכע שטיקער האלץ האבען געקנאקט. ער האט געטראכט: „הע, איהר קנאקט און גיט בלויז ארוים א פלאקערפייער. די קוילען וועלען זענען שטום און ברענען פונדעסטוועגען לאנג אין זיך אריין — —“

ער האט געליעבט זיין קליין, ענגליש אויוועלע. עס האט ארויסגעגעבען א גוטע און זיכערע ווארימקייט, און אין א סך פרטים איז עס געווען אזוי ווי א מענש.

דערנאך האט ער זיך געמאכט טעע, האט דיזעלבע אריינגעגאסען אין א ברייטער, טיעפער, העלגרינער שאל, פון וועלכער ער האט זעהר ליעב געהאט צו טרינקען. האט זיך אויסגעטון, זיך געלייגט אין בעט אריין, און האט פאמעליך געטרונקען די טעע. דערנאך האט ער פארוויכערט זעהר א גוטען ציגאר, און האט אנגעהויבען צו לעזען „האמסון, הונגער“. גאט, ווי טיעף דאס איז גע־

ווען. „אַט־די איבער־פיינקייט" האָט ער געטראַכט „וואָס פאַר אַ געשמאַקע פיינקייט — — —" דאָס איבערמישען פון יעדען בלעטעל איז ביי איהם געווען אַ געווינס: ווידער צוויי לאַנגע זייטען פול מיט האַמסון־זאַצען!

דאָס צימער איז געווען וואַרים — אַ פאַרגעניגען, און עס איז געווען גע'בשמים'ט מיט טעע־דופט און מיט ציגאַר־עסענץ.

פלוצים האָט ער זיך געלייגט מיט'ן פנים צו דער וואַנד און געוויינט — — —.

קנוט האַמסון האָט זיך אַראָפּעגגליטשט, איבער דער קאָלדרע, אויף דר'ערד, אַזוי ווי אַ פריינד וואָס גנב'עט זיך אַוועק.

„גאָט, העלף העררן א." האָט אויפ'ן אַנדערען טאָג געזאָגט מיני'ס שוועסטער, און איז רויט געוואָרען. „וואָס מאַכט איהר עפּעס? האָט איהר דערהאַלטען מיין בריעף?"

איך האָב געזאָגט צו מיני'ן: „ווי קומט אַ שלעפּער ווי דו, זיך אַזוי צו באַנעהמען קעגען אַ פיינעם מענשען — — —?"

„ווען דען זאָל איך אַזוי זיין?!" האָט זי געענטפערט „אפשר דעמאָלט ווען איך וועל זיין אַלט און צעקנייטשט?!"

דער העררר איז געשטאַנען אויף איין אָרט, פאַרטראַכט.

„וואָס זענט איהר אַזוי פאַרטראַכט?!" האָט געזאָגט ס'יונגע מיידעל „מאַכט זיך נישט דאַפון!" ער אָבער איז געשטאַנען שטיל, און מיט אַ ציטער האָט ער פאַרנומען די רוף־קלאַנגען, די טרר־מייטער־קלאַנגען פון דער קעניגין פון לעבען, פון דער קעניגין וואָס הערשט איבער דעם אָרימען מאַנסביל־האַרץ, וואָס זיצט מיט אַ מינע פון אַ טיראַן אויף דעם גאָלדענעם קעניג שטוהל פון איהר שעהנקייט, איהר יוגענד!!

„ווען דען זאָל איך אַזוי זיין?!" — — — האָט זי געזאָגט „אפשר דעמאָלט ווען איך וועל שוין קיין מאַכט נישט האָבען?!"
בער אש־גראַהע נשמות, מאַנסביל!

זי איז איהם פאַרגעקומען ווי צעזאַר באָרזשיאַ, אין אַ לאַנגען, נאַכשלעפּעדיגען פורפור־מאַנטעל, טרעטענדיג אין איהר גאַנג אַר־

די שוועסטער האט געזאגט: „זאל עס אייך ארען ווי דער פאר־איאהריגער שנעע. איהר דארפט איהר זאגען: „איהר האט זיך צו פרעך באנומען, פארשטעהט איהר מיך, פרינצעסין מיינע? !“ איהר דארפט איהר זאגען, אז נישט צו וואס וועט דאס פיהרען? !“

„ניין — —“ האט געזאגט דער העררי. ער האט ארויסגענומען פון קעשענע דריי מאנדארינען און געזאגט „גיט עס איהר אוועק!“

„איהר זענט נישט ביים זינען. וואו איז דאס עהרענגעפיהל? איהר דערנידריגט זיך פאר איהר. איהר וועט זי איבערפיהרען! וואס וועט זיין דאפון? נאדיר א געשעפט! שמיץ דארף מען איהר געבען!“

ער האט גענומען די מאנדארינען, איז אוועקגעגאנגען, זיי איי־בערגעגעבען צו א שיק־אינגעל מיט דער אויפשריפט: „צו מיני'ן“

ער האט געפיהלט: „מיני, אייער קעניגליכע הויכקייט! קע־ניגין הערמינע! קעניגין פון לעבען, קעניג פריהלינג, קעניג קראפט!“

צו מארגענס האט מען איהם דערלאנגט א קליין, ווייס פע־קעלע, און איינגעהילט אין זייר־פאפיער איז דארט געלעגען — — — די שאלעכץ פון די מאנדארינען.

ער האט געפיהלט: „קעניגליכע, קעניגליכע עקשנות!“

אבער געגריסט האט ער זי מעהר נישט, האט איהר נישט מעהר געשענקט קיין מאנדארינען, האט זיך צוריקגעצויגען און גע'חלום'ט: „קעניגין — — — !“

איינמאהל איז ער געקומען אין דער האנדלונג, וואו זי איז גע־ווען אנגעשטעלט.

זי איז געזעסען אויף א קליין קעסטעל, ערגעץ אין א ווינקעל, וואו עס איז געווען טונקעל, צווישען אלטע קאסטענס, געהאלטען אויף דער שויס א בריעף, איז געווען איינגאנצען צענויפגעקארטשעט. זי איז בלויז געווען אזוי הויך ווי איהרע קניען. די זיידענע האאר האבען געבלישטשעט ווי א קרוין, און איהר קערפער האט אויפ־געציטערט.

ער איז פארבייגעגאנגען. ער האט געטראכט „א קעניגין איז טרויער" און „דערהויב דיך!"

דעמזעלבען טאג האט ער איהר ווידער געשיקט דריי מאנדא־רינען.

ער האט געווארט דריי טעג אויף דעם פעקעלע מאנדארינ־שא־לעכיל. עס איז נישט געקומען. לסוף איז געקומען א בריעף מיט: „א שעהנעם דאנק אייך — — — !"

ער האט געפיהלט: „מיני איז נישט מעהר קיין קעניגין! מיני איז געווארען א בעטלערין, בעטלערין, בעטלערין!". אלע ווערטער מיט „בעטלער" האבען זיך ארויסגעצוואונגען פון זיין נשמה און האבען איהם באפלאטערט ווי פלעדער־מייז דער בעט־לער, די בעטלערין, דער בעטלער, דער בעטלער־בריעף, בעטלעריי, בעטלער־ברויט, בעטלער־שטעקען, בעטלער, בעטלער־לעבען!"

ער איז געווען ווי ענטכישופט. ער האט זיך אנגעהויבען צו באוועגען, ווארים צו ווערען, מענשליך — — —.

„מיני, קרעמער־מיידעל — — —" האט ער געפיהלט.

ער האט געשריבען א בריעף, וועלכען ער האט תיכף אוועק־געשיקט:

„מיני!

איהר נאריש־נאריש מיידעלע, ווייסט איהר, איהר האט זיך קענען מיר באנומען זעהר פרעך, דום און אהן שום מאניערען?!

— א קעניג".

---

## ווי וואונדערבאר — — — —

(דער עדלער, פארשטארבענער מאדאם אלגא וויסניקס, געווידמעט).

עס האט א סוף — — —.

ער זיצט אין זיין קליינעם האטעל־צימער, וואו די ניס־ביימער גרינען אריין.

ביינאַכט הערט מען דעם באַרגווינד דורכרייטען צווישען די ניס־ביימער־און דאָס לויפענדיג וואסערל זינגט מיט זיין ציטער־האַרץ.

און אַ דאַמע שיקט איהם בוליאָן, טעגליך, און הייסט זאָגען: „עסט, איך בעט אייך! מיר צוליעב — — — !"

אין אַ געוויסען אין־דער־פריה פאָרט ער אַוועק. ער האָט עס צו־געזאָגט.

דאָס הויף שמעקט פון סאָסנעוואַלד און באַרג־לאַנקעס און אַלע ווייסע פאַרהאַנגען זענען אַרונטערגעצויגען — —.

וואָס האָט זיך דאָ פאַרענדערט?

די לירישע דיכטער, זיי איז גוט. זיי קענען זאָגען „מיר איז דאָס האַרץ אַזוי שווער" און דאַן גראַמען זיי עס מיט „טרעהר" אָדער „זעהר".

אָבער דער מענש פון וועמען מיר רעדען דאָ, פאָהרט זיך גלאַט אַזוי אַוועק, אהן אַ גראַם, און אַלע פאַרהאַנגען זענען אַרונטערגע־צויגען — — —.

דאַן פּאַקט זיך ס'לעבען פול מיט אַלערליי ה א ל ב ע זאַכען, נישט־ניציגע, מיט פריינדשאַפטען און עדלע שטימונגען, מיט קורצע, טראַגישע איינאַקטערס, ווי דאָס היינטיגע פּובליקום „נשמה" פערלאַנגט עס, מיט מאָרפין־איינשפּריצען פאַר נישט־דערטרעגליכ־קייט, און מען הינקט זיך ווייטער אַוועק — — —.

דאָס לעבען איז קראַנקליך געוואָרען, און עס דאַרף מאָרפין־איינשפּריצען — — —.

דאַן זעהען זיי זיך ווידער אין אַ גרויסען גאָרטען פול מיט פרוכטביימער.

די וואונדערליכע שמעקט פון סאָסנע וואַלד און באַרג־לאַנקעס. זיי געהען פאַמעליך אַרויף־און־אַראָפּ איבער אַ שמאָהלען קיזעל־שטיין־שטעג, צווישען יאַגדעס־קוסטעס און רעדען זעהר קלוגע רייד — — —.

עס שמעקט פייכטקייל פון סאָסנעוואַלד און באַרג־לאַנקעס. ער טראַכט: „ווי וואונדערבאַר! עס האָט נישט קיין סוף — — —"

זי וויקעלט זיך איין אין איהר שאַל און פראַסטיגט — —.

דאַן פאַהרט זי אַוועק. זי וויקעלט זיך איין אין איהר שאַל און דער וואַגען שמעקט פון לאַק־לעדער. די וואַגען־לאַמטערנען ווינקען נאָך לאַנג אַריבער, אַהערצו, ווי צוויי אומעטיגע אויגען.

דאַן זעהט ער זי ווידער אַמאָהל אין דער גרויסשטאַדט.

זי איז וואונדערליך־שעהן אַנגעטון. אין אַ מיעדער פלירט־שטימונג געפינט זי זיך. ער פיהלט: „פיאַלקען־פאַרפום. אויס־לענדיש".

ער נעהמט זי אַרום מיט זיין ריינעם, טיעפען בליק. „אַרימע, מיעדע — —. דיין דופט איז נאָך אַלץ זיס — —"

זי פיהלט: „ווי וואונדערבאַר! עס האָט נישט קיין סוף — — —"

אבער היינטיגס מאָהל בלייבט אין איהר צוריק אַ בענקשאַפט, ווי אַ קינד, ווען די מאַמע געהט אַוועק אין טעאַטער, אָדער — — ווער ווייסט וואוהין — — —. די נערוועז זענען פול מיט טרעה־רען — —. עס געהט־דורך אַ ציטער. אבער דאָס קינד מוז דאָך בראַוו זיין, ווייל עס האָט ליעב די מאַמע'ן, דאַרום ציטערט עס נאָר אַזוי שטילערהייד, קיינער באַמערקט עס נישט. „מאַמע, טייערע, ליעבע מאַמע — — — !"

דאַן שרייבט זי:

„ער געהט שוין ווי אויף קוליעס, דער לעבען־מאָרפיניסט — — — !"

פלוצים קומט אָט־דער ליעב־זיסער געדאַנק פון פריינטליכ־קייט — —.

עס שטעלט זיך אויף אַזוי גלייך, ווי אַן אַלטער אינוואַליד ווען נאַפּאַלעאָן פאַהרט פאַרביי — — —.

ער סאַלוטירט גלייך מיט דער פריינדשאַפט.

און דאַן מאַכט ער אַ ליעד. ווי די לירישע דיכטער — — —.

עס איז זעהר קורץ, מאָדערן — —.

עס לייענט זיך:

„ווי וואונדערבאַר! עס האָט נישט קיין סוף — — — !"

# שרעק.

„וואס איז שרעק?“ האט געזאגט ד אלטע יונגפרוי — „מיר איז דאס נישט באקאנט“.

„שרעק איז אז — — עס דערלאנגט א קנאק!“ זאגט איינע, וועלכע איז נאך נישט קיין אלטע יונגפרוי.

אבער די אלטע יונגפרוי לאזט זיך נישט אראפפיהרען פונ'ם שמועס. און כדי צו באווייזען ווי וועניג זי שרעקט זיך, האט זי געזאגט: „נישט־גוטע האב איך זעהר ליעב, רויבער — שוין אבי־סעל וועניגער. און פאר א מויז האב איך שוין טאקע מורא! — — —“

איינע, וועלכע איז נאך גאר נישט געוועזן קיין יונגפרוי, האט געזאגט: „מען מוז זיך דען שרעקען פאר עפעס? ! מען שרעקט זיך גלאט־אזוי!“

„דאס איז טיעף געזאגט — —“ האט געזאגט די אלטע יונגפרוי, כאטש זי האט נישט געוואוסט אקוראט וואו די טיעפקייט ליגט.

נאר ווייל זי איז געוועזן אז אלטע יונגפרוי האט זי געמוזט זיין פול מיט חכמה.

די מיטעלסטע אבער האט געטראכט: „ווייסיך וואס! שרעק איז אז — עס דערלאנגט א קנאק — — !“

און דאביי איז עס געבליבען.

ווייל די מיטעליעהריגע זענען תמיד גערעכט. די אינגערע האבען צופיעל פאנטאזיע, און שרעקען זיך גלאט אזוי, די אלטע האבען צו־וועניג פאנטאזיע און שרעקען זיך אין גאנצען נישט, אבער די מיטעליעהריגע עמפינדען זעהר מענשליך: „שרעק איז אז — עס דערלאנגט א קנאק!“

---

# שוועסטער און ברודער.

זיין שוועסטערל איז געלעגען קראנק אין בעט. זי איז געוועזן ניינצעהן יאהר אלט און וואונדער־וואונדערשעהן. זי האט גע־טראגען אַ ווייס נאכטהעמד, באשטיקט מיט ליכטיג־בלאהער זייד.

זי האט געזאגט: „האסט נישט מורא מיך צו קושען, ווייל איך האב האלז־שמערצען?“

ער האט זי געקושט און זיך געזעצט אויפ'ן בעט.

אויף דער וואש־קאמאדע לעבען בעט איז געשטאנען אין אַ גלאז אַ בלאסרויטע, דיקע רויז.

נישט ווייט פון דער רויז איז געלעגען אַ באנד טורגעניעוו: „פריהלינג־וואסערען“.

אינוועניג אויפ'ן טאוועל איז געוועזן אנגעשריבען מיט דער האנד אַ פּאאר שורות, וועגען פריהלינג־וואסערען און ליעבע.

די שוועסטער האט געזאגט: „אלבערט איז באלד אוועקגע־גאנגען. ער האט נאר געבראכט ס'בוך און די רויז — —“

פון דער אויפשריפט אינ'ם בוך האט זי נישט גערעדט.

וואס האט זי געקענט זאגען?!

האט דען דער פריהלינג אַ רויש געטון?

אבער אלבערט איז נישט געשלאפען קיין נעכט און געטראכט וועגען איהר.

פאר איהם האט דער פריהלינג אַ רויש געטון — — —. און ער וואלט געוואלט פערוויאנען מיט איהר אין־איינעם, זארגען־זיך — —.

די שוועסטער האט געזאגט צום ברודער: „ווייסטו, ברודער, עס איז אפעס אזוי מאדנע! דאס וואס מיר שטעלען זיך פאר אין אונזערע חלומות, אז אמאהל־אמאהל וועט עמיצער זיין מיט אונז. אזוי פּאסירט עס טאקע, אלבערט. ער איז אונזער לעבעדיג־גע־ווארענער חלום. און צו דערזעלבער צייט דער חלום פון עפּעס

וואס איז נישטאַ, און וועט קיינמאָהל נישט זיין. אַזוי ווי אַ בילד פון אַ דאָרפּיש שטיבעל. מען בענקט נאָך דעם אַ מ ת'ן — — —.

ער טיילט אלע דיינע דאגות און גיט אויף דיר אכטונג ווי אַ מוטער און איז פּאָרט אַ מאַן און אַ פרעמדער. „ווען צו דעם זאָל נאָך צוקומען עפּעס אנדערש“ פיהלען מיר „וואָלט עס באמת געווען וואונדערשעהן“. ער זיצט לעבען מיר און זאָגט מיר: „ביזט נאָך נישט מיעד פון דיין שטיקערייַ? — — —“ וועלכע זענען די בעסטע נאַרלען צום העפטען? וויפיעלערליי זייד האסטו? זאָלסט דיך נישט וואשען מיט קאַלטען וואַסער פאר'ן שלאָפען, ווייל עס צעשטערט די זיסע מיעדקייט! טרינקסטו טעע אין־דער־פריה? ! טרינק שוואכע טעע. דו דאַרפסט נאָך נישט קיין רייץ־מיטלען, גאָט זיי דאנק. איך וועל דיר מאָרגען שיקען דעם קאַטאַלאָג פון ביכער. דו מוזט איבערקוקען די לעגענדען פון שטאַכעוויטש — — —“

אַזוי רעדט ער מיט מיר. אַלצדינג אינטערעסירט איהם. און ער איז אַזאַ ליעבער — —. ביים נאַכטמאָהל זאָגט ער צו מיר: „דו האסט דאָך ליעב רייז אונטער דער יויך? — פּאַרוואָס־זשע קאָכט מען דיר נישט קיין רייז? דאָס לעבען איז נישט אַזוי רייך, אַז מען זאָל זיך קענען באַגעהן אָהן די אַלע קליינע פאַרגעניגענס — — ?!“ אָט אַזוי פאַרציהט ער מיך, פּיעסטשעט מיך. די גאַנצע וועלט דרעהט זיך דאָך נישט אַרום מיר? ! -- — אָבער איך וועה דאָפון נישט שלעכט; איך פיהל, אַז איך יוער דאָפון ג ו ט. עס איז אַזוי אנגענעהם אַביסעל געצערטעלט צו ווערען. דו מאַכסט־צו די אויגען ווי אַ פּאַפּוגיי און לאָזט זיך גלעטען און זאָגסט „נאָך!“ ער ברענגט ביכער, בלומען און זיצט שעה'ן לאַנג לעבען מיר. איך פיהל אַז ער האָט מיך זעהר ליעב. אָבער וואָס העלפט עס? ער איז פּאָרט נאָר מיין לעבעדיג־געוואָרענער חלום — — —. ער פאַרגרעסערט בלויז אין מיר דאָס בענקען נאָך דעם וואָס ס'איז נישטאָ און וועט קיינמאָהל נישט זיין.

און פונדעסטוועגען! צום ערשטען מאָהל אין אונזער לע־בען בליקען מיר אַריין אין דער טיעפקייט, צאַרטקייט פון דער

מענער־נשמה, און מיר דערפיהלען פלוצים, אז מיר זענען עפּעס וואָס קען מאַכען גליקליך און טרויריג און אז מען האָט אונז טאַקע אמת ליעב און מען איז צו אונז איבערגעבען ווי א קינד צו זיין ניאַנקע. זאָלען מיר איהם זאָגען „געה!" און איהם „היילען?! —

ער געהט, ווען מיר הייסען איהם, ער געהט — — — און דאַן?

דאַן וואַרטען מיר, און וואַרטען און וואַרטען. — — —

דער ברודער האָט גענומען איהר האַנד אין זיינער און האָט זי געקושט.

די שוועסטער האָט געזאָגט:

„ריקעטא האָט דיך ליעב?"

דער ברודער האָט געענטפערט: „איך בין ווי איהר לעבעדיג־געוואָרענער חלום פון דעם וואָס איז נישטאָ, און ווּעט נישט זיין — — —. דאַריבער זאָגט זי צו מיר טיילמאָהל „געה" און טיילמאָהל „זיי דאָ!"

אזוי זענען שוועסטער־און־ברודער געזעסען נאָך לאַנג איינס לעבען ס'אַנדערע.

ער האָט געהאַלטען איהר הייסע האַנד אין זיינער.

די בלאַסרויטע דיקע רויז האָט געשמעקט — — —.

עס איז געווען איינע פון יענע שעה'ן, אין וועלכער צוויי מענ־שען האָבען זיך איינס ס'אַנדערע דורכאויס פאַרשטאַנען — — —.

# די פרויען.

נישט קיין פרינצעסינס פון לעבען זענען זיי. נישט אזוינע וואס שמייכלען ווי די מארגענרויטקייט און אלצדינג דערוואכט. לעבט — — !

ווי נאך א קימפעט זענען זיי, אביסעל אויסגעמאטערט, מיעד. ווי די שמעטערלינגען אין אקטאבער, ווען ס'קומט דער פראסט.

„מיט וואס קענען מיר צו־ציהען?" — — טראכטען זיי. „מיט וואס קענען מיר אמוזירען?"

אומעטום פיהלען זיי די שונאים פון זייער גליק, זיי בלייבען זיך אין שרעק פאר דער אייביגער יוגענד „מאן", פאר דעם שנעלען אלט־ווערען „ווייב!"

אומעטום פיהלען זיי שונאים פון זייער פריערען, צעשטערער. דער פארבייפליהענדיגע „צוויי־רעדעל" וואס פיהרט איהר מאן ערגעץ אין אונבעקאנטע ערטער אריין. די ווייטע וועלדער און וועלבע עס לויפען די הירשען. אט־די ליידענשאפטליכקייט „יאגד", דאס דיקע ברוינע ביער, וואס דערמונטערט און האלט־צו, די טעמפע, זיעגערייכע געמיטליכקייט: „שענק־טישעל!"

מען נעהמט זיי קיינמאהל נישט מיט.

„מיר זענען אין וועג". זאגען זיי ווייך.

און פון דער ווייטקייט ארוים סטראשעט עפעס, הינטער די טויזענדער קילאמעטערס מיט פרוכטגערטנער און פעלדער, אין א מיסטעריעזען אטעם־טומאן איינגעהילט, ו ו י ע ן, די גרויסע שטאדט! וויען! בבל!

אין די לאנגע מיעדע אווענדען חלום'ען די מאנסביל: "וויען — — — ?"

די דאמען מיט זייערע פשוט'ע קלאהרע נשמות ציטערן־אויף:
„וויען — — — ?"

וויען, די גרויסע. אין אן אטעם־טומאן איינגעהילטע שטאדט, הינטער די טויזענדער קילאמעטערס מיט פרוכטגערטנער און פעלדער — — !

„וואס איז דיר עפעס — — — ?" זאגט איינער, וואס איז גע־קומען פון „דארטען", „איך בין דאכט זיך דערזעלבער וואס גע־ווען, קאטערינא — — —"

„אה — — — גלייך ווי דו ביזט אנגעקומען האסטו נישט גע־זאגט „גאט העלף!" נאר „סערוואוס — —"

„נו, דאריבער? — —"

„גארנישט. איך האב פארשטאנען. סערוואוס, אלטער פריינד, אומעט, איך האב די עהרע! עס האט נישט געהייסען: „סערוואוס, מיין היים־שטאדט — — — !"

ער, רויט־ווערענדיג, פארלוירען „ווייסיך, וואס דו טראכסט אוים — — — וואס ביזטו? א בירגערפרוי, צי א פרינצעסין? נו, מאקע!"

„אה! — — — אבער דערדאזיגער „סערוואוס" איז מיר אריין אין די ביינער. ווי מ'וואלט מיך געשאסען. דו האסט מיך דער־שאסען — — —"

„דו ביזט א ראמאנטישע — —" זאגט ער ווייך, און נעהמט איהר ציטערדיגע האנד אין זיינער. — — — — — — —

— — — — — — — — — — — —

נישט קיין „פרינצעסינס פון לעבען" זענען זיי, נישט אזוינע וואס שמייכלען ווי די מארגענרויטקייט און אלצדינג דערוואכט, לעבט — — — !

ווי נאך א קימפעל זענען זיי, אביסעל אויסגעמאטערט, מיער, ווי די שמעטערלינגען אין אקטאבער, ווען ס'קומט דער פראסט —.

---

# די מיידלאך.

איך קען א סך שעהנע מיידלאך דא אינ'ם קליינעם עסטרייכישען שטעדטעל, ראזא, מארי, גרעטל, בעטינא, טערעזע — —.

„ליעבע באַשעפּענישען" טראַכט איך. „איך ווינש אייך א גליקליך לעבען, אהן שטורעמס, פריעדען!"

אזוי לייכט בין איך פארליעבט אין ראזא'ן, מארי'ן, גרעטלען, בעטינא'ן, טערעזע'ן.

אנא איז פופצעהן יאהר אלט, ארעם, בלאס מאגער.

זייט די לעצטע פינף טעג צאהל איך פאר איהר אויף דער „אמעריקאנישע הוידאלקע", דאס „גן־עדן פאר קינדער", אויף דער גרויסער לאנקע.

זי בעט נישט, נעהמט אן שטומערהייד.

אין דער לופטען זאגט זי אפט מיט די אויגען „א דאנק — —"

די גרויסע הוידען זיך אויך, ראזא, מאריע, גרעטעל, בעטינא, טערעזע.

„קוק עס אן! — —" זאגען זיי אויף אנא'ן.

„איך וואלט געוואלט אמאהל פארשווענדען גאנצע צוואנציג קראנען אויף הוידען־זיך — —" האט אנא אמאהל געזאגט צו די מיידלאך, ציטערנדיג פון פארגעניגען. זיי האבען עס מיר באלד אפּגעטראגען.

„פארוואס נישט?" האב איך געזאגט.

„א, עס קאסט אייך שוין אזא אוצר מיט געלד, פיער קראנען מיט אכציג העלער".

„פון וואנעט ווייסט איהר?!"

„איך שרייב עס מיר אויף — — — פיער־און־צוואנציג מאהל צוואנציג העלער".

„צו וואס?"

„אזוי — —" האט זי געזאגט און איז רויטליך געווארען.

היינט האָב איך צו איהר געזאָגט: „אַנאַ, לאָמיר זיךביידע דורכהוידען — — —“

„איהר וועט עס נישט אויסהאַלטען — — —“ האָט זי געזאָגט ווי צו אַ דילעטאַנט.

עס איז באמת געווען ווי אופן ים. דער גרויסער שפּיעל־קאַסטען האָט צוגעזונגען און צוגעברומט — שטורם! אַנאַ אַקאָגנאַיבער. מיר האָבען זיך געוויגט ארויף, אראָפּ. דער שפּיעל־קאַסטען האָט געברומט. מיר האָבען זיך געוויגט ארויף, אַראָפּ. ווי אַ געדיכטע כוואַליע אין דעם לופט־אקעאַן אין געווען די הוידאַלקע. ביים פליה־אַרונטער האָב איך איהר געקוקט אין די אויגען אריין. דער־נאָך האָב איך געזעהן איהרע קניען, דעם זוים פון איהרע ווייסע אונטערהויזען — —.

איך האָב געזאָגט: „אַנאַ, איז עס נישט צו הויך פאַר איך?“

„ניין — —“

איך האָב אַ ציה געטון דעם שטריק, האָב מיך פעסט אַנגעהאַל־טען, ווידער אַ ציה געטון דעם שטריק, ארויף, אראָפּ, ארויף, אראָפּ!

„אַה!“ האָט זי געזאָגט און האָט זיך אין גאַנצען צענויפגע־קאַרטשעט.

„אַנאַ, איז עס צו הויך פאַר איך?!“

„ניין — —“

„אַנאַ — — —“

עס איז געווען ווי אויפ'ן ים, שטורם! דער שפּיעל־קאַסטען האָט געוואָיעט מיט 21 פּייפלעך, ארויף — — — אראָפּ!

ביים ארויסגעהן האָב איך געזאָגט:

„אַניעשו, אַנאַ טייערע — —“

„אַ דאַנק — —!“ האָט זי געענטפערט מיט איהרע אויגען.

„פּרינצעסין אַנאַ — —!“ האָבען געזאָגט ראָזאַ, מאַריע, גרעטל, בעטינאַ, טערעזאַ „מיין גאָט, ווי בלאַס זי איז!“ — — — — — — —

איך קען אַ סך שעהנע מיידלאַך דאָ אינ'ם קליינעם עסטרייכי־

שען שטעדטעל, ראזא, מאריע, גרעטל, בעטינא, טערעזא. „ליעבע באשעפענישען“ טראכט איהר „איך ווינש אייך א גליקליך לעבען, אהן שטורעמס, פריערען!“

אזוי לייכט בין איך פארליעבט אין ראזא'ן, מאריע'ן, גרעטלען, בעטינא'ן, טערעזע'ן — — —.

---

# דער רעציטאטאָר.

איינמאהל, אין א געוויסען טאג, האט ער געפונען א בוך, אין א רויטען איינבאנד, ערגעצוואו אין דער וועלט, אויף א טיש.

זעקס יאהר דורכאנאנד איז עס פון דעמאלט אן געווען אין זיין נאהענטקייט. ווי א הונד וועלכער ליעבט אונז. דאס בוך האט איהם געליעבט, דערפאר ווייל ער האט געליעבט ס'בוך. באמת! ער האט שוין נישט געוואוסט „איז דאס בוך ביי מיר, אדער בין איך ביים בוך?!“

שטענדיג ווען עס איז, אין אט־דעם געטרייען בוך, געקומען צו דער שטעל וואו עס האט זיך געלעזען: „נעכטען האסטו צו מיר געזאגט „טייערער אלאף — — —.

„מיינסטו עס באמת אז איך בין דיר טייער, לידווינע?!“ האט ער געמוזט אפכאפען דעם אטעם אויף א ווייל, איידער ער האט געקענט ווייטער לייענען. דאן האט ער געלייענט ווייטער.

דאס דאזיגע „אפכאפען דעם אטעם“ איז קיינמאהל נישט קורצער געווארען אין לויף פון יאהרען.

אין משך פון פינף יאהר איז עס אפילו געווארען אביסעלע ל ע נ ג ע ר. און איינמאהל, אין אן אווענד, איז עס געווארען זעהר לאנג. מען האט געקענט גלויבען, אז ער וועט היינטיגען אווענד נישט געהן ווייטער אינ'ם בוך, אזא גוואלדיגע פויזע האט ער געמאכט ביי אט־דעם פונקט. אבער אויך היינטיגס מאהל האט ער דערלייענט ס'קאפיטעל ביז צום סוף, און ס'גאנצע בוך. נאר ווען

ער איז געקומען צו די לעצטע ווערטער פון'ם בוך „גליק איז אפ־זאגען־זיך". האט ער פארמאכט ס'בוך, און האט עס עטליכע מאהל געקושט און עס אין טיעפער חבר'שאפט ארומגענומען מיט די פינ־גער און עס האט געקושט נ א ך אמאהל און ו י ע ד ע ר אמאהל.

אינ'ם דאזיגען אווענד האט ס'בוך געשלאפען לעבען איהם, אויף זיין קאפ־קישען.

קיינעם איז נישט איינגעפאלען אויף ס'מינדסטע אז אט־דער אין־זיך־באהאלטענער מאנסביל, האט אזא צערטליך פארהעלטניש מיט זיין בוך.

אבער טיילמאהל האט מען וועגען איהם געזאגט: „וואס איז מיט איהם? ער איז אזוי פארטראכט? וואס פאר א מין טייערען סוד טראגט ער, צומביישפיעל, אין זיך?!"

אן עדלער דאמע האט ער צוערשט געוויזען דאס בוך, און האט עס איהר געגעבען.

די דאמע האט עס געלייענט. ביי דער שורה: „נעכטען האסטו צו מיר געזאגט „טייערע אלאף" — מיינסטו באמת אז איך בין דיר טייער, לידווינע?!" האט זי געמאכט א פויזע. דאן האט זי גע־לייענט ווייטער, ביז צום סוף.

„וואס איז מיט דיר?" האט געפרעגט איהר מאן, ווען ער איז אהיימגעקומען.

„גארנישט — —" האט זי געזאגט, און האט געקושט זיין ליעב־פולע האנד און האט זי נישט אפגעלאזען א גאנצען אווענד.

נישט דיר אליין, אז איינציגען זאלסטו געבען דאס גוטע, וואס דו האסט געפונען אויף דיין שווערען וועג! גיב עס אלע־מען!

הער־אויף צו זיין פארזיכטיג ווי א טרום, און גיב אוועק צו אלע הערצער וואס פיהלען אזוי ווי דו?!

זיי שטארק! ווארף דאס גוטע אריין אין דער וועלט! און לאז דיך קריציגען?!

אט־אזוינס איז איהם אריינגעוואקסען אין הארץ, און האט עס שווער געמאכט.

איינמאהל, אין אן אווענד, איז ער אויפגעטראטען אין א שוואר־צען אנצוג און א ווייסען שניפס, אין א וואונדערפולען זאאל, איז ארויף אויף דער קליינער ביכ׳ה, האט זיך אביסעל א שפיעל געטון מיט דעם זילבערנעם טאץ אויף וועלכען עס זענען געשטאנען די לייכטער, האט אביסעל אפגעווארט, און מוטיג און שטארק האט ער געווארפען דאס גוטע אין גאט׳ס וועלט אריין! גארנישט האט ער געזעהן אין דעם ווייטען רוים, א חוץ זיין פריינד, דאס בוך, און זיין ערשטע לעזערין, די עדלע דאמע, וועלכע איז געזעסען מיט איהר מאן אין דער ערשטער רייה.

אז ער איז געקומען צו דער שורה: „נעכטען האסטו צו מיר געזאגט „טייערער אלאף!“ מיינסטו באמת אז איך בין דיר טייער?“ האט ער שוין נישט בעדארפט מאכען קיין פויזע, פארשטעהט זיך, ס׳ערשטע מאהל אין זיין לעבען!

אבער ביי די צוהערער האבען די הערצער כמעט אויפגעהערט צו קלאפען — — —.

ער האט געלייענט ביז צום סוף.

אז ס׳איז געוועזען געענדיגט, איז אלצדינג געבליבען שטיל, ווי אין א קירך. אויף יעדען פנים איז געוועזען אנגעשריבען דאס בוך.

ער האט געזעהן זיין בוך אט־דארט אין אלע הערצער.

ער האט געפיהלט: „איך ווארף דאס גוטע אריין אין דער וועלט!“ און „אמן!“

## פיזיאָלאָגיע.

קענען נעגעריגס זיך רויטלען ? !

נעגעריגס קענען זיך רויטלען. ווי קופּערפאַרביג ווערען זיי, אין דערזעלבער צייט ל י כ ט י ג ע ר. צומביישפּיעל: ווען דו קושסט זייערע הענט, און באַנעהמסט זיך ווי א קאַוואַליער.

קענען נעגעריגס בלאַס־ווערען ? !

ניין, פאַרקעהרט. זיי — — — ווערען טונקעל.

צומביישפּיעל: ווען דו קושסט נ י ש ט זייערע הענט, און באַנעהמסט זיך נ י ש ט ווי א קאַוואַליער, דעמאַלט — — ווערען זיי טונקעל!

---

## שעהנקייט.

שפּעט אין גראַהען מאָרגען האָט ער זיך אויפגעכאַפּט. א וואונ־דערבאַרע קעלט איז געוועזן אין דער קליינער דירה. ער האָט זיך פאַרזיכטיג ארויסגעגליטשט פון דעם וואַרימען קאַנאַל, „ליילעך, העלבלאַהע קאָלדרע, פּערענע", כדי קאַמילא זאָל נישט כאַפּען קיין פאַרקיהלונג. און האָט איינגעהייצט דאָס קליינע ענגלישע אויוועלע, מיט דער הילף פון האַרט האָלץ און פּעך־צינדלעך. איידער ער האָט דאָס געטון, האָט ער צומערשטען, פאַרשטעהט זיך, צוגעמאַכט ס'פענסטער, אַט די „לונג פון'ם צימער", און האָט עס געטון פאַר־הענגען מיט א שווערען טעפּיך פון ווייכע קעמעל־האָאַר.

קאַמילא — —. יאָ, אָט ליגט זי דאָ, פאַר צעהן קראָנען.

הייליגער אָטעם פון דער נאַכט — — — ! אַך, קען מען דאָס דען זאָגען פון א ל ע פרויען? אָבער דיין אָטעם, קאַמילאָ, קאָסט בלויז צעהן קראָנען און האָט דעם דופּט פון באַרג־לאָנקעס. קיין באַזונדערער ריח. נאָר א הויך פון פרישקייט, פון קראַפט!

אז אקס פרעסט בלומען, פארדייעט זיי, מאכט פון זיי מיסט. און אט־דאס מיסט, וואס ער האט געמאכט פון בלומען, האט איהם זיין לעבען געגעבען, זיין קראפט, און זיין דאנקבארקייט הייסט: „זונה!“

דאס האלץ אין אויוועלע איז געווארען דורך־און־דורך לויכטענדיג און האט געקנאקט. עס האט זיך אויפגעהויבען א פייער־ים און די פייערפלאמען האבען זיך אויפגעפיהרט ווי הינט, וואס סע זידט ביי זיי אין האלז ה—טס, ה—טס, ה—טס.

דאס אויוועלע האט צעשיקט ווארימקייט; ווי דער גייסט פון א דיכטער! אלצדינג איז געווארען שוואנגער מיט דער ווארימקייט, האט זיך נישט געלאזען און איז פארט געווארען שוואנגער. אפילו די ווייסע קאלך־מויער האט געעפענט איהרע פארען און האט איינגעאטעמט און איז געווארען ליעבליכער.

איצט האט ער שטיל אראפגענומען די פערענע, די קאלדרע, און האט באטראכט אט דאס „קונסטווערק פון גאט“, וואס ניסט־אריין באוועגונג אין דער פוילער וועלט, ווי א מיסטעריעזע עלעקטרי־זיר־מאשין, אט־דער „רוה־מערדער“ פרויענלייב!

ער איז געזעסען אט־דא־א און האט אנגעהויבען מורא צו האבען פאר אט־די אלע שרעקליכע געשפענסט־שאטענס וועלכע שטייגען־אויף אינ׳ם הארץ פון א מאן מיט א דערשרעקענדער מאכט — — — די „אנדערע“: דעם הערר מיט די באגייסטערטע בריעף, דעם אונטער־לייטנאנט מיט דער יוגענדליכער לוסט, דעם בייזליכען פרינציפאל, וועלכער האט די מאכט, דעם אייגענטימער פון דעם שיס־ביידעל, וועלכער האט איהר געגעבען מתנות, פאר טרעפען אין די אנגעצייכענטע ווייסע שיס־פונקטען, און אלע און זיך אליין! ווייל זיך אליין איז מען אויך א שאטען, פונקט ווי אן אנדערער, אין דער נאהענטקייט פון ווייב איז מען קיינער־נישט!

וואס האבען זיי ביי איהר צוגערויבט — די שאטענס! וואס איבער־געלאזען? גארנישט, גארנישט. אלצדינג אין איהר לייב איז געוועזן, ווי עס דארף צו זיין און די הויט האט געשטראהלט.

אין איהר מילדער בלייכקייט, ווי די שנעע־ווייסקייט אין די אויגען אריין. און די אויגען זענען געווארען גליקליך און פול מיט ליכט־קראפט.

אט־דא איז זי געלעגען די „פאר'חרוב'טע!" — —

ארעמע פאראורטיילען פון א שקלאפיגער מענשהייט־נשמה! וואו זענען דען, איך בעט אייך, די שפורען פון זינד־פארוויסטונג? ווי א טייך וועמענס שפיגעל בלייבט נישט פאראומרייניגט פון קיין זאך, אז אייביגער שעהנקייט־אויסשטראהלער! ווארף אריין שטיי־נער, זינק שארפע רודער, ציה־דורך מ'אייזערנעם שפיץ פון דער שיף — באַזיגטער! אין קלאהרקייט ליגט דער טייך. אזוי ווי דאס זשעני, וואס קיינער קען זיין הארץ נישט פארוואונדען ווייל עס ציטערט מיט וועלט־פולסען!

אזוי איז דאס שעהנע לייב פון א פרוי. וואס פאר א שפורען בלייבען איבער פון רוה־שטערונג? ! אין „הייליגער עלאסטיק פון לעבען" פארווישט דאס שעהנע לייב אלע בייזע שפורען און ווי א פאראדיז־גארטען שטראמט עס פון זיך ארוים שעהנקייט און שעהנקייט און שעהנקייט און ברענגט דיר פריעדען. אבער די נשמה די חרוב־געווארענע? ! א י ה ר נשמה ליגט אין מ י ר! איך אליין בין עס, נישט זי! איהר „גייסט געווארען" שעהן לייב בין איך. און איהר „פארם" איז מיין „געבילדעט־געווארענע" נשמה. פונקט ווי גאט וואלט אויסגעשניצט מיין נשמה אלס מ א ט ע ר י ע, אזוי איז איהר קערפער! איך בין איהר וועזען, זי איז מיין „פארם". מירביידע זענען דאס ז י י ן פון דער וועלט, ווען עס באשלאפט זיך — —.

ער איז געגאנגען צום אויוועלע, באטראכט דאס האלז. עס איז געוועזן א ו י ס. צענויפגעזונקען, אפגעפאלען, אויסגעלעבט; גרוי און דין איז עס געלעגען, ווייל עס האט צו שטארק געפלאקערט, און עס האט שווער געאטעמט, איז אפגעשטארבען נאך א דערפילטער מיסיע. אין צימער אבער האט זיך געפונען די נשמה פונ'ם פייער, די ווארימקייט, און ס'האט געגעבען לעבען. קאמילא איז געלעגען נאקעט און האט איינגעאטעמט אט־די האלץ־נשמה, און האט צע־

נויפנזאמעלט נייע כוחות, דורך ווארימקייט און רוה, פאר דעם אונטער־לייטנאנט, דעם בייזליכען פרינציפאל און דעם אייגענטימער פונ׳ם שיס־ביידעל, און אלע, אלע.

דא האט דער הערר געטראכט: „א ל צ ד י נ ג ביזטו מיר נעוואָרען, ווייל דו ביזט גארנישט מעהר ווי שעהן, דו זונה! דאך שטראהלסטו נאך אלץ אין געצענדיענערשער ווארימקייט! דיך קאלט־מאכען! דיך אין אייז אריינלעגען, איינטרונען דיך אין א טרונע פון קרישטאלענע שטיקער אייז, וואס מען מאכט אין פאב־ריקען! אזוי אז דו זאלסט קאלט־ווערען! און יעדען דערוויעדער־ווערען ווי דער אטעם פונ׳ם ווינטער. אז קיין זאך זאל פון דיר מעהר נישט ארויסשטראהלען, דו אומגליק־אויווען „ווייב“ און קיין שום לעבענסווארימקייט זאלסטו נישט ארויסגעבען! דערלעזען וואלטען מיר געוועזען דיך צו זעהן ליגען צווישען די קרישטאלענע אייז־שטיקער אנשטאט לעבליך־ווארימע ציכען און לייליכער! א צו פיהלען אז די קעלט דרינגט אין דיר אריין — דורך און דורך אין די היילינגטימער פון דיינע הייז־קוואלען און לעשט אלצדינג אויס, דיך און דיינע נעשפענסטען, דעם בייזליכען פרינציפאל און דעם אונטער־לייטנאנט און דעם אייגענטימער פון דעם שיס־ביידעל; און אלע וועלען אומקומען פון קעלט, אפפאלען, גרוי, דין ווערען, א מיסיע. הא־הא, הא־הא — — — איך אבער בלייב לעבען! א י ך! ווארים דיין וועזען איז אפהענגינג פון גלוט־פייערען, אבער דיין פארם איז אייביג ווי דאס אייז אינ׳ם נארד־פאל־ים! און איך בלייב ביי דיר! ווארים איך ליעב נישט דיין ו ו ע ז ע ן, וואס איז בלויז די פארם פון מיין מאטעריע, נאר דיין פארם וועלכע איז די מאטעריע פון מיין וועזען! די שעהנקייט פון מיינע געדאנקען איז די שעהנקייט פון דיין ליב! די פראכטען פון מיין נשמה זענען די ליניען פון דיינע גלידער! און די קרישטאלענע, אייז־שטיקער, אין וועלכע מען וועט דיך אריינלעגען צום טויט, קענען נישט צע־שטערען קיין איינציגע פון דיינע ליניען, וואס נאר זיי אליין האלטען־אויף דאס פלאקער־פייער פון מיין ליעבע! און דאס אייבינע וועט זיך נישט פארקנס׳ן מיט דעם אייביגען! דאס נישט־

צושטערבאַרע מיט דעם נישט־צושטערבאַרען! די שעהנקייט פון דיין נשמה „לייב“ מיט דער שעהנקייט פון מיין לייב „נשמה“ — —!

אַזוי אבער טוט בלויז הערשען ס׳טרויריגע געזעץ פון מאַ־טעריע; האָט זי אפשר נישט גענוג וואָרימקייט פאַר אַלע? פאַר אַלע? מוז זי נישט אָפּגעבען איהר שטיל־ליגענדיגע כוחות צו דעם וועלט־רוים, וואו קאַלטע לייבער שפּייזען זיך דאַמיט און ווערען גלוט־פייערן?!

האַ! קאַלט מאַכען! אַזוי אַז נאָר די קעניגין „שעהנקייט“ זאָל הערשען! אַז דו זאָלסט ווערען אייביג, דו פאַרגעהענדינגע! און נאָר בלייבען פאַר דעם איינעם, דעם גאָט־מענש, דורך וועמען דו ביזט געקומען צו „דערקענטניש“, סיי דו ביזט וואָרעם־ווייבליך און סיי דו ביזט קאַלט פון קינסטלערשען מאַרמאָר־שטיין! אַלץ אייטס! אייביג וואַלסטו געווען! „מענש־געוואָרענע“ וועלט־שעהנקייט! — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

יאָ. אבער יענע האָט אויפגעוואַכט און איז געווען גלוטיג־הייס.

און זי האָט געזאָגט: „קום אהער צו מיר — — — !“



דריי דאמען
צוויי דיכטערינס
דער קוואַל.

## דריי דאַמען.

א דאַמע האָט געזאָגט צו דער יונגער פּיאַנאָ־לעהרערין: „פריי־ליין, איך וויל אייך באַצאָהלען 6 קראָנען פאַר א שעה — — — דאָס איז א שעהנער פּרייז!"

„א גרויסען דאַנק!" האָט געזאָגט דאָס פריילײן.

א דאַמע האָט געזאָגט צו דער יונגער פּיאַנאָ־לעהרערין: „ווייסט איהר וואָס? לאָמיר זיך זאָגען „דו" — — —

„ווי נוט איהר — — ווי גוט דו ביזט", האָט געזאָגט ס'פריילײן.

א דאַמע האָט געזאָגט צו דער יונגער פּיאַנאָ־לעהרערין: „פריילײן, אין „געוויסע" טעג זאָלט איהר אין גאַנצען נישט קו־מען. איך וועל אייך סיי־ווי־סיי באַצאָהלען — —"

דאָס פריילײן האָט גאָרנישט געזאָגט, און האָט געשאָקעלט דעם קאָפּ, אין שטומער דאַנקבאַרקייט.

---

## צוויי דיכטערינס.

א ליעד פון א מוטער ביי דער וויעג פון איהר קינד: „אָט ליגסטו דאָ, דו קראַפט און שוואַכקייט פון מיין האַרץ, מיין ליכטיג גליק און מיין טונקלע שרעק — —" — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

א ליעד פון א מוטער ביי דער וויעג פון איהר קינד: „בש, בש, בש — —"

---

# דער קוואל.

איז פאראנען געווען א קוואל?

א קינד איז געקומען, שטיינדלעך אריינגעווארפען — — — — ניין, נישטא קיין קוואל.

א דאמע איז געקומען און האט געוויינט — — ניין, נישטא.

א מאן איז געקומען און געטרונקען — — — ניין, נישטא.

א קינסטלער איז געקומען און געזעהן — — — און דער קוואל איז געווארען! — —

א הערר און א דאמע זענען געשטאנען ביים קוואל.

זי האט געזאגט: „איך וואלט מיר געוואונשען צו זיין צו אייערע אויגען אט־דאס וואס עס באטייט דער קוואל. איהר שטעהט אזוי ווי אויסער זיך — — —“

ער האט געזאגט: „איך ווינש מיר, אז איהר זאלט אויסטון אייערע שיך, אייערע שטרימפ, און לאזען אייערע נאקעטע פיס שימערן אינ׳ם קוואל־וואסער — — —“

א י י ן טייל פון דער וועלטשעהנקייט ביזטו דעם מאן, דו ווייב — — —.

דו אבער ווילסט זיין די ג א נ צ ע וועלט־שעהנקייט!

„אזוי לאנג ווי מיך דארשט, זעה איך נ י ש ט דעם אפגלאנץ פונ׳ם קוואל, הער איך נישט די סימפאניע פון זיין רוישען“, האט געזאגט דער יונגלינג.

„אזוי לאנג ווי מיך דארשט, ז ע ה איך דעם אפגלאנץ פונ׳ם קוואל, הער איך די סימפאניע פון זיין רוישען“. האט געזאגט דער מאן.

„שטענדיג זעה איך דעם אפגלאנץ פונ׳ם קוואל, הער איך די סימפאניע פון זיין רוישען“ — — — האט געזאגט דער זקן.

# צווישען מענשען.

ביידע גוטבאצאהלטע קינסטלער זענען געזעסען אין א קליי־נעם נאכטקאפע, און האבען זעהר פלייסיג גערעדט וועגען דעם ווי ברוטאל עס איז דער „איכיזם“ פון די מיט־מענשען. דאס ווארט „א י כ י ז ם“ האבען זיי אזוי ארויסגעזאגט, ווי איינער רעדט: די איבריגע מענשהייט זאגט געוועהנליך „עגאאיזם“.

דא האט געזאגט ס׳יונגע פריילין: „וואס רעדט איהר דארט פארא נארישקייטען? הא? ס׳האט דאך נישט קיין זין! הערט׳ס בעסער וואס מיט מיר האט געטראפען. מיין באלעבאסטע האט דאך ביי מיר היינט פארהאלטען די זאכען! מעג זי עס דען טון? מעג מען א ל י י ן פארהאלטען די זאכען? אהן א געריכט, הא?“

— „ענטשולדיגט, מיר זענען נישט קיין אדוואקאטען — — —!“

„נישט קיין אדוואקאטען? נו, גיט א קוק! יעדער געבילדע־טער מענש איז מחויב צו וויסען, אז מ׳טאהר אליין נישט פארהאל־טען קיין זאכען! ס׳איז גארנישט־נישטא אזא געזעץ! הא, וואס זאגט איהר? אויב מ׳זאל דאס מעגען, וואלט די וועלט א שעהן פנים געהאט! אנו, גיט אביסעל א טראכט וועגען דעם, מיינע העררען, הא, וואס זאגט איהר?!“

די קינסטלער האבען איצט געשמועסט וועגען דעם, אז דער אויפגעבלאזענער שריפטשטעלער ב. איז אזוי פארנומען מיט זיך אליין, אז ער זעהט נישט ווייטער פון זיין נאז, אזוי ווי א חיה. דער אונטערשיעד איז נאר וואס ער האט נישט שטענדיג דעם תירוץ פון „סעקסועלען פערלאנג“, אזוי ווי די חיה־רעה!

דאס מיידעל האט אנגעהויבען צו וויינען איבער דעם וואס איהר באלעבאסטע האט פארהאלטען איהרע זאכען, אהן א פסק־דין פונ׳ם געריכט. זי האט נאך־אמאהל ערקלעהרט די הערערן קינ־סטלער, אז ס׳איז גארנישט־נישטא אזא געזעץ!

די הערערן האבען איצט געזאגט, אז זיי האלטען אויך, אז אזא

זאך איז נישט מעגליך און האבען אנגעהויבען ס'מיידעל אביסעל ארומצעקושען.

זיי האבען געגלויבט, אז דאמיט וואס זיי גיבען־צו אז זי איז גערעכט, איז שוין אלצדינג פארענטפערט.

אבער עס איז נ י ש ט געוועז פארענטפערט. די העררען האבען איהר נאר געזאגט, אז זי האט זיך באדארפט נעהמען צו אד־וואקאטעריי. אלץ א ז א־א י י נ ע איז זי צו א ו מ ע־ט י ג. דאמיט קען מען נישט צו־ציהען קיינעם — אפילו נישט קיין הונד.

דאס מיידעל האט געקוקט פארטראכט אין דער ווייטקייט און האט געזאגט: „אליין פארנעהמען זאכען איז נישט מעגליך. ס'איז גארנישט־נישטא אזא געזעץ!"

די קינסטלער האבען זיך איצט פארהאלטען כלומרשט ווי זיי וואלטען איהר זעהר געוואלט באהילפיג זיין און האבען געזאגט: „וויפיעל ביזטו איהר אייגענטליך שולדיג? עס באטרעפט דאך נישט מי־יודע וויפיעל?!"

דאס מיידעל האט געענטפערט א פארהאפנונגטע: 70 קראָ־נען".

די קינסטלער: „וואס? אזא שיבוש?! מיר האבען גע־מיינט מי־יודע־וואס! 70 קראנען — — — קענט איהר דאך לייכט אפגעבען אין צאהלונגען!"

דאס מיידעל האט געפיהלט: „ברענט איהר מיט'ן פייער!"

די קינסטלער האבען גענומען אויס'חשבון'ען דעם ענין אקו־ראט, און זיי זענען געקומען צום שלום, אז אויב זי וועט צאהלען 10 קראנען א וואך, וועט זי אין זיעבען וואכען ארום זיין פארטיג. אדער אז נישט, זאל זי צאהלען חודש־געלד — 40 קראנען א חודש, אדער נאך בעסער: צוויי קראנען א טאג. זיי האבען זיך גע־איינינגט אויף צוויי קראנען א טאג.

דאס מיידעל איז געזעסען און האט געוויינט מיט ביטערע טרעהרען.

די קינסטלער זענען געווארען בייז און זענען אוועקגעגאנגען.

אין דרויסען האבען זיי געזאגט: „דאס האט מען, אז מען נעהמט זיך אן יענעם'ס קריוודע! געזעסען צום גוטען יאהר, און גע'חשבון'ט פאר א פרעמדען רוח, וואס האט מען דאפון? פאר ברויט — שטיינער!“

דער ארימער קעלנער איז איצט צוגעקומען צום מיידעל: „הערט, פרייליין, היינט זיינער 8 וועלען מיר ביידע צו־פאהרען אין געריכט אריין! ס'איז גארנישט־נישטא אזא געזעץ, אז מ'זאל מעגען אליין פארנעהמען זאכען! ס'איז נאך, ברוך השם, נישט הפקר קיין וועלט!“

זיי זענען צעזאמען געגאנגען אהיים, כדי ארומצורעדען אלצ־דינג גענוי, וואס און ווען און ווי אזוי.

ביז 8 א זייגער אין דער פריה איז נאך געווען דריי שעה, און זיי האבען אט־די צייט נישקשה'דיג אויסגענוצט.

זייגער 8 אין דער פריה האט איהר ריטער געזאגט: „ווייסטע וואס, קוצעניו, וואס 'עסטו זיך געהן אנהויבען מיט א געריכט! ס'עט גארנישט־נישט ארויסקומען. נאך אלעמען איז זי אפשר גארנישט אזא שלעכטע, די באלעבאסטע. ווייסטו וואס, קוצעניו, צאהל איהר אפ אין וואכען־געלד.

דאס מיידעל איז שוין געווען אין גאנצען פערמאטערט, און האלטענדיג נאך אמאהל ביים איינשלאפען, האט זי געזאגט מיט א שטיל־ווייך קול: „ס'איז גארנישט־נישטא אזא געזעץ. הא, מוצעניו?!“

---

## א ליעבעס־ליעד.

רויטליך וויל איך, מ ו ז איך זעהן דיין געליעבט פנים — —.
און ווען עס זאל מיר אפילו אויסקומען עס רויטליך צו פאר־
בען מיט מיין הארצבלוט!
רויטליך מוז איך זעהן דיין געליעבט פנים.

רוויטליך און מיט דעם ליעבען, קינדישען אויסדרוק פון וואויל־געפיהל!

אבער בלייך ביזטו מיר געווארען, זייט טעג!

און אהן־סוף׳יגע מיעדקייט געהט־אונטער אין דיינע אויגען, וואס זענען ביז איצט שטענדיג ליכטיג געווען!

געליעבטע נשמה, וואס איז דיר? !

איך שרעק מיך אזוי — — —.

ווילסטו אז דער פרינץ זאל אין דיינע ארעמס זיין? !

ווילסטו דעם ראמאנטישען גימנאזיסט? ! ? !

ווילסטו דעם קעלנער, וואס באדיענט דיך? ! ?

ווילסטו דעם פרעמדען, וואס נעכטיגט אין דרויסען, ווייל מ׳טרייבט איהם פון אלע שטיבער? ! ?

ווילסטו דעם בעקער יונג וואס ברענגט איטליכען אין־דער־פריה ברויט? ! ?

בלייך ביזטו מיר געווען, זייט טעג, געליעבטע נשמה מיינע —.

בלייך ביזטו מיר געווארען און קרענקליך!

ווילסטו דיך פאר׳שכור׳ען?

איך? — איך קען נישט מעהר דיין שלאף־מיטעל זיין — —.

ווייל דער מערדער „געוואוינהייט“ האט זיך הינטערוויילעכטס פאר׳גנב׳עט אין דיין נשמה אריין — — —.

געליעבטסטע.

רוויטליך וויל איך, מ ו ז איך דיין געליעבט פנים זעהן — —.

און ווען עס זאל מיר אפילו אויסקומען עס רויט צו פארבען מיט מיין הארצבלוט!

געליעבטע מיינע — — —!

# אַ ביינאַכטיגע סצענע.

איך בין ביינאַכט פאַרבייגעגאַנגען אַ פּלאַץ וואו עס זענען געשטאַנען פיאַקערס מיט איינציגע פערד. דאָס הייסט: איך בין נ י ש ט פאַרבייגעגאַנגען, נאָר בין געבליבען שטעהן צוגעשרויפט. ווארים אַ יונגער קוטשער האָט „געשונדען די הויט" פון זיין פערד. און אַ חוץ אַלעמען האָט ער עס נאָך אָנגערופען מיט'ן נאָמען „נבלה".

אַן אַלטער קוטשער וואָס איז זיך געזעסען געמיטליך אויף אַ קליינער באַנק האָט צו מיר געזאָגט: „געהט'ס, זייט מוחל, אייער וועג, ס'איז נישט אייער טאַטענ'ס עסק. געזעהן, געהערט, גע־שוויגען! — — —"

איך האָב גאָרנישט געהאַט ברעה „צו געהן מיין וועג" און צו זעהן, הערען און שווייגען ביי אַט־דער געלעגענהייט; איך בין אדרבא געווען זעהר אומרוהיג און איך בין געווען מיט דער מיי־נונג, אַז זיך אַזוי צו איזדיעקעווען איבער אַן אומשולדיג פערד —.

דער געמיטליכער קוטשער אויף דער קליינער באַנק האָט נאָך אַמאָהל געזאָגט צו מיר, שוין מיט מעהר עזות: „הערר, ווי איהר הייסט דאָרטען, איהר דאַרפט זיך נישט מטריח זיין, מע'ט שוין טון אָהן אייך. געהט'ס שלאָפען!"

איך האָב מיך י א מטריח געווען, בין געבליבען שטעהן אויף איין אָרט, און אָנגעקוקט דעם אומבאַרהערציגען הונד־קערל.

דאָ האָט זיך דער געמיטליכער קוטשער אויף דער קליינער באַנק אָנגערופען: „וואָס־זשע דען? אַז אַ פערד שפּאַנט זיך אַליין אוועקעט פונ'ם אָרט — — — הם, ווי איז אייער מיינונג?"

איך האָב געשוויגען און אָנגעקוקט דעם הונד־קערל, און בין נאָך אַלץ נישט געווען איבערצייגט אַז ס'פערד איז באַגאַנגען אַ פאַרברעך.

„זענט איהר שוין פאַרטיג מיט'ן שלאָגען?!" האָב איך גע־זאָגט צו איהם.

ניין, ער איז נאך נישט פארטיג געווען. האט געפרענט ביים פערד צי ס'וויל נ א ך. און אזוי ווי דאס פערד האט דורך א שפרונג געשיינט אנצודייטען, אז עס וויל נ א ך, האט ער נישט געקארגט.

דא האט געזאגט דער געמיטליכער קוטשער אויף דער באנק:
„הערר, ווי איהר הייסט דארטען, איהר מיינט, אז מיר ווייסען נישט ווער איהר זענט?! וואס שטעלט איהר זיך דא אוועק מיט אזא נרויסקייט? א שרייבער זענט איהר — אט וואס!"

„ניין — —" האב איך געזאגט „איך בין א גאנץ געוועהנ־ליכער מענש — — —"

„אויב אזוי, זענט איהר ד א ך א ו ד א י א סמארק!"
האט געזאגט דער געמיטליכער קוטשער — — — „דאס זאג איך איך!"

איך בין געווען איבערצייגט, אז ע ר זאגט דאס מיר, נישט קיין אנדערער.

„ווער איז ער?!" — — האט איצט געזאגט דער הונד־קערל וואס האט געשלאגען ס'פערד, און האט זיך דערנעהנטערט צו מיר. אזוי מיט א שאר פון די פיס „ווער איז ער? ווער איז ער?!!"

„לאז איהם געמאך, ער איז אפילו קיין שרייבער אויך נישט!"

דא איז דער הונד־קערל א בארוהיגטער צוריקגעגאנגען צו זיין פערד, האט איהם צורעכט געמאכט די רימענס אויפ'ן רוקען, האט עס מילד געגלעט און האט איהם געזאגט א פאאר זיסע ווערטער. געבעטען ביי אוהם ענטשולדיגונג, און איהם גערופען „ארלערל".

איך בין איצט צו־געגאנגען צו דעם יונגען קוטשער און איהם אהן שום צערעמאניעס געשענקט א קראן. דאן האב איך געזאגט:
„פערד זענען נערוועזע חיות! קיינער קען נישט וויסען פארוואס זיי שרעקען זיך — — —".

„אט וואס!" האט מיט מיר איינגעשטימט דער יונגער קוטשער „זיי זענען נ ע ר ו ו ע א י ש!"

דער געמיטליכער קוטשער אויף דער באנק האט געטראכט:

„נעהט זיך דערטשעפּען מיט איינעם פון אונזערע און איז אפילו קיין שרייבער אויך נישט — — —“

דער יונגער קוטשער ווידער איז געווען מעהר צופריעדען דא־פון וואס ער האט צו טון נישט מיט קיין שרייבער נאר מיט א מענש וועמענס בליק אויף דער וועלט איז ענהליך צו זיינעם — —.

אן ענטציקענדע יונגע דאמע, אין א ליכטיג־בלאהער מאטראַ־זען־בלוזע, וועלכע איז געשטאנען א פארלאזענע און איינזאמע אין דער נאהנט, און וועלכע האט צוגעקוקט אלצדינג וואס דא איז פאָרגעקומען, האט מיר אויסגעדריקט איהר באוואונדערונג אין עטליכע הארציגע ווערטער, און האט באשלאסען מיך, דעם בעשי־צער פון די שוואכע, פאר סך־הכל וואסער־עס־איז 4 קראנען צו באגלייטען דורך דער טונקלער נאכט — — —.

---

# אין שפּאציר־גאָרטען.

„איך וויל א בלאהען לופט־באלון ! א בלאהען לופט־באלון וויל איך !“

„נא, אט האסטו א בלאהען לופטבאלון, ראזאמונדע !“

מען האט איהר ערקלעהרט אז אינ'ם „באלון“ איז פאראן אזא מין סאָרט גאז, וואס איז גרינגער ווי די לופט, דאריבער — — און אזוי ווייטער.

„איך וויל איהם לאזען אוועקפליהען“ האט זי געזאגט זעהר פשוט.

„ווילסטו נישט בעסער שענקען דעם באלון אט יענעם ארעמען מיידעלע ? !“

„ניין, איך וויל איהם אוועקלאזען — — — !“

זי לאזט אוועק דעם באלון, קוקט איהם נאך, ביז ער ווערט פארשוואונדען אינ'ם בלאהען הימעל.

„טוט דיר נישט באנג, וואס דו האסט איהם בעסער נישט אוועקגעשענקט דעם ארימען מיידעלע ?!"

„יא. איך האב איהם באדארפט אוועקשענקען דעם ארימען מיידעלע".

„נא, אט האסטו אן אנדערען באלון. שענק איהם אוועק דעם ארימען מיידעלע!"

„ניין. איך וויל ד ע ם אויך אוועקלאזען צום הימעל — — !"

זי טוט עס.

מען שענקט איהר א דריטען בלאהען באלון.

זי געהט אליין צו צום ארימען מיידעלע און זאגט: „לאז איהם אוועקפליהען!"

„ניין", זאגט דאס ארימע מיידעל, קוקט באגייסטערט אויף דעם באלון.

אין צימער איז ער געפלויגען ביז צו דער סטעליע, האט זיך ארומגעראנגעלט דריי טעג, איז איינגעשרומפען געווארען, איז אראפגעפאלען טויט, ווי א שווארץ זעקעל.

דא האט ס'ארימע מיידעלע געטראכט: „איך האב איהם בעדארפט אוועקלאזען אין שפאציר־גארטען, איז בלאהען הימעל אריין, איך וואלט איהם געוועזן נאכגעקוקט, נאכגעקוקט — — — !"

דורך דער צייט האט דאס רייכע מיידעל געהאט נאך א צעהן באלונס, און איינמאהל האט איהר דער אנקעל קארל געקויפט דריי־סיג באלונס מיט אמאהל. צוואנציג האט זי געלאזט פליהען אין הימעל אריין, און צעהן האט זי צעשענקט צווישען ארימע קינדער. פון דעמאלט אן האבען די באלונס מעהר נישט געהאט פאר איהר קיין שום אינטערעס.

„די נארישע באלונס — — — !" האט זי געזאגט.

אז טאנטע אידא האט דאס געהערט, האט זי געזאגט, אז לויט איהר עלטער, איז זי זעהר א פארגעשריטענע קינד!

דאס ארימע מיידעלע האט גע'חלום'ט: „איך האב איהם גע־דארפט לאזען אוועקפליהען אין שפאציר־גארטען, אין בלאהען הי־מעל אריין, איך וואלט איהם געוועזן נאכגעקוקט, נאכגעקוקט — — !"

# אַן איינציגע.

עס איז געוועז אַ פריהלינג־מאָרגען אין שפּאַציר־גאָרטען. אַ ריינערע לופט ווי אין די גאַסען; אומעטום קינדער מיט זייערע גובערנאַנטקעס. זיי האבען זיך געשפּיעלט צו איינציגע, אדער עטליכע מיט אמאָהל, זענען געזעסען מיעד אדער זענען געגאַנגען „ווי מענשען“, האַנד־אין־האַנד. עס זענען געוועזן צווישען זיי שעה־נע און מיאוסע, בלייכע און רויטליכע, חן'עוודיגע און פעטע. אָבער אַלע, אַלע זענען זיי געווען פאַר־רינגעלט אין זייער אייגענעם קינ־דערשען לעבען, און דער שפּאַצירגאָרטען איז פאַר זיי געוועזן בלויז אַ לוסטיגער און ברייטער קינדערצימער!

איינע אָבער מיט שווערע, ברוינע לאָקען, אין אַ ברוינעם סאַ־מעט־יאַקעל מיט גראָהע, גרויסע פּערלמוטענע קנעפּ איז געשטאַנען אָט־דאָ לעבען דער בייט מיט טוליפּ־בלומען! גאַנץ שטיל איז זי געשטאַנען, באַקוקט די וואונדערבאַרע בלומען, שנעעווייסע טולפּען, און אנדערע. זי איז געשטאַנען ווי צוגעשמידט.

ווי אוועקגעטראָגען איז דאָס קינד געווען, אוועקגעטראָגען איבער איהר אייגענער קינדישקייט, ערנסט־געוואָרען פאַר דער צייט, דער־לעזט פון שעה־און־מינוטען־וואונשען. נישט וויסענדיג מעהר, אַז עס זענען פאַראַן ליאַלקעס, און באַלונס און „קאַמער־קאַמער־הויז“ פון בוים צו בוים!

אין אָט־דער־רגע איז זי געוועז אַ דיכטעריןָ, גלייך מיט די בעסטע. די טיעפסטע פון אָט־די אויגען האָט אַרויסגעקוקט זעלבסט פאַרגעסענקייט, שעהנקייט־שיכרות!

אַ גובערנאַנטקע האָט געזאָגט „פאַר וואָס שטעהט אייערע אין אַ זייט, ביי דער נאַרישער בלומענבייט? ! זי איז ביי זיך גרויס? !“

דאַרויף האָט געזאָגט די גובערנאַנטקע פון דעם עדלען קינד: „ראַזאַמונדע, געהט זיך שפּיעלען מיט די אַ נ ד ע ר ע קינדער. פאַר וואָס שטעהט איהר אין אַ זייט? !“

דאָס עדלע קינד איז געגאַנגען זיך שפּיעלען מיט די „אנדערע קינדער“

# עמערסאָן.

איך האָב געוויינט איבער עטליכע שורות אין די שריפטען פון עמערסאָן. איך האָב געוויינט, ווייל ער האָט מיר פאַרלאָפען דעם וועג, און איך האָב געוויינט ווייל — —.

„קיין שום ליעבע קען נישט אזוי געבונדען ווערען דורך אַן אינגעוועניגסטער שבועה אָדער פאַראויס־זעהונג, אז זי זאָל זיין זיכער קענען אַ העכערער ליעבע! אין דער נאַטור איז יעדער רגע ניי, דאָס פערגאַנגענע ווערט שטענדיג פאַרנוצט אויף נייע טואונגען און — פאַרגעסען.

בלויז דאָס קומענדע איז הייליג. גאָרנישט, גאָרנישט איז זיכערער, איז וואָרהאַפטיגער ווי דער איבערגאַנג פון דעם אָרעמ־זעליגען געוועזענעם, צו דעם רייכען קומענדען. די מענשהייט וואָלט שטענדיג געוואָלט זיין פאַרזיכערט! וועה צו די גוזיכערטע! נאָר אויף אַזוי ווייט ווי זיי זענען עס נישט, איז פאַראַן אַ שטיקעל האָפענונג פאַר זיי — צו ווערען מענשען!"

איבער אָט־די עטליכע שורות אין עמערסאָן'ס שריפטען האָב איך געוויינט. איך האָב געוויינט ווייל ער איז מיר פאַרלאָפען דעם וועג, און איך האָב געוויינט פון צענומענקייט.

און נאָך אַ זאַך האָב איך געפונען, וואָס איז ווערט, אז מען זאָל איהם איבערזאָגען און איבערזאָגען און איבערזאָגען. ער ענטרעטענישט דאָס ווערען פונ'ם דיכטער:

„נאָר דאָס וואָס מיר האָבען אין אונז קענען מיר אויך זעהן אויסער אונז. אויב מיר באַגעגענען נישט קיין געטער, קיין געטינס, נעהמט זיך עס בלויז דאָפון וואָס מיר האָבען — פון פריהער — זיי נישט באַהאַלטען אין אונזער האַרץ! ווען אין די[?] איז פאַראַן טיעפקייט, און ווערטה, וועסטו געפינען ווערטה און טיעפקייט אין קוימענקעהרערס, גאַסענריינינער, הורען און קאָרטען! נאָר יענער איז אונשטערבליך, וועמען אַלע זאַכען קומען פאָר צו זיין אונשטערבליך!"

מען מאכט קינסטלערישע, צו־רופענדע פּלאַקאַטען, וועלכע צווינ־גען איך זיך אפּצושטעלען און צו באמערקען. פאר וואס? פאר שאַמ־פּאַניער־פירמען, און פארפומען! ? פארוואס דרוקט מען נישט גאָט־די שטעלען פון עמערסאָן אויף קינסטלערישע פּלאַקאַטען און מען צעהענגט זיי נישט אויף אלע גאַסען, אז אלע זאָלען זיך מוזען אָפּ־לען און לייענען? זיי זענען דאך וויכטיגער ווי שאַמפּאַניער און פארפום!

---

## דער וועג.

(קעטע פּאַרסענאָוו געווידמעט).

און ווי א נביא קלוג האָב איך געלעבט זייט טעג,
ערלעבנישען נוצענדיג פאר מיין נשמה־פריעדען!
געליעבט געווען, אין זעלבער צייט באַטראַגען,
איך האָב געליעבט, און באַטראַגען אויף צוגלייך!
א זינדיגער — פארזינדיגט קעגען איהם!
אזוי האָב איך די מזל־וועלט דערקענט!
מגורל פון דעם א ו י ף און א פּ, פון ה י ז און ח ע ה
גנבים פון דיין געלעכטער, דיינע טרעהרען אויך!
און די וואס האָט דיך ליעב, איז פאַרט נישט מעהר פאר דיר,
ווי יענע וועמען דו ביזט מיאוס!
געליעבט? ! געהאַסט? ! געעהרט? ! פעראַכט?!
דערקענטנישען פון לעבען'ס ז י י ן געפינסטו דאָ ווי דאָרט,
אזוי בין איך געווען געפאַסט זייט פיעלע טעג.
ביזטו געקומען — אונערוואַרטעטע.
דער נביא־קלוגער איז א קינד אַצינד,
איועקגעווישט מיט צויבער־האַנד — דערקענטנישען,
שמערצליכע דערלעבנישען, פריידיגער געווינס!
און ווי א אינגעל, צום מזל אפּגעגעבען,
הויב איך אַן איצט אויפ'ס ניי,

דעם שרעקען־וועג, פון שרעק און בענקעניש!
איך וויל איהם געהן דעם וועג, ווייל זעה! —
איך מוז איהם געהן!
דער וועג פון יונגעלהאפטער אומרוהקייט,
און ווי א נביא קלוג וועל איך רוהען דאן.
דערלעבנישען? — פאר נשמה, רוה, —
און נוצען וועל איך זיי, פאר מיין זעעל,
צום לעצטען מאהל!

---

# לינדענצוועט.

פארוואס שטעהט עס נישט אויפ'ן פראגראם פון די איין־לעבען־פארליעבטע: פון 5 ביז 6 אין אווענד איינאטעמען דעם דופט פון לינדענצוועט, אינ'ם פארק אזוי און אזוי?!

מיט אזא נומער אויפ'ן פראגראם, וואלט מען געפרופט זיך אויסטון פון אלצדינגג און זיך האלטען פריי פאר דעם לינדענצוועט־דופט. זיך אפגעבען בלויז דאמיט. צענויפנעהמען אלע כוחות אויף צו זיין־גליקליך דורך לינדענצוועט־דופט.

עס וואלט אריין אין אונזערע נערוועז ווי אן עקסטראקט פון זומער! אלע מעלאנכאליען, אלע גליקליכקייטען, וואס ווערען געוועהנליך פארטיילט אויף טעג, האבען געקענט קומען אין אט־דער שעה!

באדט דיך און דערטרינק דיך אין לינדענצוועטען.

עס מוז ווערען א הייל־מיטעל. יעדער זאל זיך עס אליין פאר־שרייבען.

אבער ביז אהער האט מען געזאגט גלאט־אזוי:

„די לינדענבוימער דופטען א מחיה!" און די דיכטער האבען זיך אוועקגעזעצט און געשריבען: „אונטער די בליהענדיגע לינדענבוימער" — — —

עס מוז אבער שטעהן אויפ'ן פראגראם פון אלע לעבענס־פאר־

ליעבטע: „איינאטעמען דעם דופט פון לינדענצוועט צווישען 5 און 6, אינ'ם פארק אזוי און אזוי".

וועט מען זיך פארלייגען דארויף, וועט עס מיט דער צייט ווע־רען אן עקסטאז, אן אידעע פיקס, א משוגעת א משוגעת!
און אלע וועלען זיך פיהלען דערלעזט דאפון. דערלעזט!

---

## דער פויגעל „פיראל".

עס איז נאך דערווייל נאכט אין דער וויענער פארשטאדט. איצט הויבט אן צו גראהען. די בעריאזעס און ווערבעס שמעקען דיר אין הארץ אריין, ווי פיינער בוימעל.

דער פויגעל פיראל הויבט אן צו פייפען דעם אויפשטעה־רוף פון דער נאטור! אין קורצע זאצען בלאזט ער דעם — כמעט מי־ליטערישען — אויפשטעה־רוף אוןווארט אין דערזעלבער צייט, צו זעהן צו די שלעפערס כאפען זיך אויף.

אלצדינג, אלצדינג איז נאך שטיל און גראה, בעריאזעס און ווערבעס שמעקען דיר אין הארץ אריין און דער פויגעל פיראל פייפט, צווישען קליינע פויזען, זיין אויפשטעה־רוף. ער לאזט נישט אפ.

די דאמע האט אמאהל געזאגט: „א, איך וואלט געוואלט קענען ס'לעבען. איך קען נישט קומען נאהענט דאצו, עס איז נישט צום דערגרונטעוועז — —"

דארויף האט דער הערר געזאגט: „האט איהר שוין געהערט ווי דער פויגעל פיראל פייפט זיין אויפשטעה־רוף, אין די וויענער פארשטאדט־טאלען, בעת די זון הויבט אן אויפגעהן?!"

„מוז מען דען דאס טון, כדי צו דערגרונטעוועז דאס לעבען?!"

„יא. מען מוז. פון אזוינע זייטיגע ווינקלען ארויס, און פון הינטען־ארום, קען מען אפשר ווי־עס־איז בייקומען דאס לעבען. אט־דא, אט־דא איז דער אנהויב פון דער מיסטעריעזער שעהנקייט און דער ווערטה פון דער וועלט!"

„ווי אזוי זעהט ער אויס, דער פויגעל פיראל? !"

„קיינער זעהט איהם נישט. ערגעץ־וואו אין אלטע, אלטע בע־ריאזעס פארשטעקט ער זיך און פייפט זיין מארגענרוף און וועקט צום טאג. עס ווערט ליכטיגער און ליכטיגער, די ווייטע וועלט קומט ארויס פונ'ם באהעלטעניש. ביים ברעג זענען שווארצע, גרויסע שלעפּ־שיפען. ווארטענדיג אויף דער ארבייט פונ'ם טאג, מיט זייערע ריעזיגע כוחות".

„לאמיר נעהן צום פויגעל פיראל — — —" האט געזאגט די דאמע.

---

# פריעדען.

ווי אזוי איז איהר לעבען? ס'לעבען פון קריסטינע, וועלכע די טאנטעס רופען „קריסטא" און וועלכע האט אוינען ווי דער גע־פרייצינטער? !

ווי אזוי איז איהר לעבען? ! זאגט מיר.

זי שטעהט־אויף, גיט זיך א גלעט־צוריק די ברוין־בלאנדע האאר, שטעלט זיך ביים וואש־טיש, וואו עס שטעהט דער וואסער־קרוג און דער בעקען, טובעט־איין דאס שעהנע פנים אין לעבליכען וואסער, זייפט זיך איין, שוואנקט אוועק מ'זייפען־שוים און ווישט זיך ארום.

אזוי נעהט עס ווייטער. — —

דאן פריהשטיק. א מיעדליכע זיצט זי דא, רוהענדיג פון דער רוה. שטענדיג דיזעלבע שאל, דאסזעלבע געשטיקטע טישטוך, דער־זעלבער דופט פון טעע.

א באקוועמער, גוט־איינגעשטעלטער מעבאניזם וואס קלאפט אין דער בעסטער ארדנונג. איז אט־דאס מארגענלעבען!

דאן נעהט זי אהין און אהער, נעהמט א פריש טאשענטיכעל, בעטראכט צי עס איז נישט צעריסען אין ערגעץ, נעהמט פאר־

זיכטיג דאָס קליינע, גאָלדענע זייגערל, מאַכט־אויף די דעקלעך, מאַכט־צו די דעקלעך, דענקט:

„כ'האָב שעהנע זאַכען — —", פאַרעט זיך אַביסעל, שטעלט צענויף, שטעלט אַוועק, טראָגט ארוים מיט איהרע אייגענע הענט איהרע געליעבטע בלומענוואַזאַנקעס, שטעלט זיי פאָרזיכטיג אַוועק, ווי זיי וואָלטען געוועזען קליינע קינדער, בעהאַנדעלט זיי צערטליך, מיט אַ געליעבטע האַרץ, שניידט אָפּ אַ פערוויאַנעט בלאַט, ניין, נאָך נישט פערוויאַנעט, נאָר שוין אַביסעל אָפּגעטריקענט. וואסער וועט עס שוין נישט קענען זויגען מעהר און ביי די אנדערע וועט עס פאָרט עפּעס צו־נעהמען. דערנאָך נעהמט זי אַן אַ מויל־וואסער און באַשפּריצט די בלומען, און באַטראַכט זיי.

„אין אָרדנונג", דענקט זי.

אזוי פאַרגעהט דער פאַר־מיטאָג.

שפּעטער מאַכען־זיך־אויף טיהרען, מאַכען־זיך־צו טיהרען, ווי עס וואָלט זיך קיינמאָהל נישט קענען איינשטעלען עפּעס אַ לאָד.

פּלוצים אָבער איז אַלעס ליכטיג און ריין, און עס פאַלט דיר נישט איין, אז ערשט נישט לאַנג איז געוועזען אַ לאַנגע, טונקלע נאַכט.

די בלומענוואַזאַנעס שטעהען ווידער לעבען די קרישטאַלענע פענסטער און זעהען אוים ווי נאָך אַ וואַרימליכען זומער רעגען.

אַלצדינג אָטעמט מיט פרישקייט, געזונטקייט.

אָט־די שטימונג איז זייט טויזענד טעג. שטענדיג אָט־די גע־זונטע, פרישע אָרדנונג.

„ווי שפּעט איז עס ? !"

זי פאַרגעהט די צייט, ביז מיטאָג.

זי פאַרגעהט.

דאַן זעצט מען זיך אַוועק יעדער אויף זיין פּלאַץ, לעבען טיש, נעהמט דאָס קיהלע סערוועט'על.

פול מיט ליעבשאַפט באַטראַכט דער פאָטער זיין טעכטערל. אַן אַפּרוה צו די אויגען איז עס, אינ'ם לעבען דעם פאַרנעמעניעם.

אזוי איז עס זייט טויזענד טעג — — —. עס איז ווי די באַשפּריצטע בלומען און דאָס זונליכט אין דעם ציבט־ען צימער.

ווען עס זאָל נישט זיין, קריסטינע — — — ? !

אבער עס א י ז, עס איז! און זיכער ווי דער אווענד וואָס קומט נאָכ'ן טאָג!

מען רעדט. מען שווייגט. וואָס איז נייעס? עמיצער איז געווען ד אָ. מען איז געווען ביי ע מ י צ ע ן.

שטענדיג דערזעלבער דופט אין שפייז־צימער — פון עסען.

דער פאָטער טרינקט קאַווע און מען מערקט, אז ער האָט זיין טעכטער'ל זעהר ליעב.

אבער וואָס קומט פאַר אין זיינע אויגען? בענקט ער? איז זי פאַר איהם אזוי ווי די שובערט־ליעדער? ווערט ער אן אנדערער מענש און שעצט זיך גליקליך? קלינגט אפשר אַ ראַנק־תפלה אין זיין הארץ? !

עס הויבט זיך נישט אָן!

ער מאַכט אַ מינע „דו זאָלסט מיר זיין געזונט און אַלצדינג זאָל ווייטער אזוי אַנגעהן, רוהיג, באַלעבאַטיש — — —"

אן אויפוועקער איז ער, אַ רעטעניש־צעשטערער!

ער איז ווי דאָס שטומע שווערע לעבען אליין. עס נעהמט זיך אזוי אהן אַ שום זין. עס נעהמט — אונעק.

נאָכמיטאָג.

דער נאָכמיטאָג פארגעהט.

די בלומען בליהען ווייס און גרין לעבען פענסטער.

אַ וואָגען פאָהרט פאַרביי, און דונערט זיך אויס אין דער ווייט־קייט.

מען לייענט אַ בוך. ווי שטערן זענען די ביכער פון פּאָעטען. אזוי אונענדליך ווייט פון אונז. און דאָך שימערן זיי.

די מוטער רופט, די שוועסטער — —. אַ ברודער פאַלט אריין, און לויפט צוריק ארויס, אינ'ם פרעמדען לעבען, וואָס איז בלויז פאַר די מאַנסביל, און לאָזט איבער, אינ'ם רויך פון זיינע ציגאַ־רעטען, עפּעס־וואָס גרינגס, פרייס.

דאָס לעבען שפּינט זיך אָפּ. מען לאָזט עס שפּינען.

און הערצער פול מיט ליעבשאפט ארום איך, באזארגען אלצ־
דינג וואס איהר דארפט!

אווענד.

צינדט אן די לאמפען!

„ווען אווענד ווערט,

און שטיל מען באגעהרט,

און, מיעד אויף דער קניע ליגט די האנד,

און דיין וואנדזייגער קלאפט אויף דער וואנד,

דו הערסט זיין געהן, הערסט זיין שלאג,

עס זאגט דיר אן: „ס'איז מעהר נישט טאג"

און איידער דער שלאף קומט ביינאכט,

די בענקשאפט אין הארץ דערוואכט,

„עס טוט אזוי באנג, אזוי באנג",

זאגט דיר דעם וואנדזייגער'ס קלאנג — — —"

אזוי זינגען פאלק־דיכטער, וועלכע זענען אויך אונענדליך ווייט
פון אונז — — — ווי די שטערן.

נאכטמאהל.

מען רעדט.

מען שווייגט.

וואס איז נייעס?

„די טאנטע מאריע איז דא געווען. זי דענקט, אז קריסטא זעהט
זעהר גוט אויס. אויף'ן זומער ראט זי אונז צו פאהרען — — —"

„מיניסטער גאלוכאווסקי, זאגטמע ז. איז נעכטען געווען אין
טעאטער. איהר האט איהם געזעהן?!"

„ניין. א שאד. א לאנגווייליגער עולם געווען!"

„וואסארא מיניסטער איז גאלוכאווסקי?!"

„פון אויסערן. ס'שאט נישט אז א מיידעל ווי דו זאל עס ווי־
סען. וואס דען, מיניסטער פון ראמאנען?"

„וואס קריסטא צעארבייט מיט די בלומען! דו דארפסט
חתונה אבען מיט א גערטנער, קריסטא. יום־טוב — בלומען, זונ־

טאג — בלומען, צום געבורטס־טאג — בלומען און שטענדיג ווייסע.
פארבינע זענען דאך א סך שעהנער! — — — —

„שעהנער?"

„שעהנער! די טאנטע האט אנומעלטען געזאגט, אז נאך אלעמען איז נאך צווישען אלע משוגעת'ן דער בילינסטער משוגעת בלומען, דאס איז א פראקטישער משוגעת — — ?!"

„חאחא!"

— — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — —

„א גוטע נאכט, פאפא".

שלאף געזונט, מיין קינד".

און ווידער שטעהט זי פאר'ן וואשטיש, וואס שמעקט פון זייף און קרעם.

אריין אינ'ם קיהלען בעט, מיט די ווארימע דעקעס — — !

לעשט די לאמפען אויס!

דער טאג־מעכאניזם איז געענדיגט.

---

## פראגען, ענטפערס.

ווי אזוי איז איהר לעבען? — דאס לעבען פון קריסטינע, וואס איהרע טאנטעס רופען זי „קריסטא"?

ווי אזוי איז איהר לעבען?! זאג מיר!

ע ר איז דער דיכטער פון איהר שטילען לעבען. ו ו א ס עס א י ז א י ן א י ה ם, דאס איז ז י!

ווי דער נאטור וואס לעבט זיך אוועק יעדען טאג, ביז עס קומט איינער און זאגט „אזוי ביזטו!"

וואס איז דער עפעלבוים, וועלכער רויטעלט זיך אין פריה־לינג, ווען נישט דער דיכטער וואס זאגט: „עס שטעהט א קליי־נער עפעל־ביים און בליהט?!"

וואס איז ער  א ה ז  דעם?  און ווי אזוי זאל ער  נ י ש ט  בליהען, ווען עס קומט פריהלינג?!

אט שטעהט ער ברוין און רוימליך און בליהט אין דער וועלט אריין — — —.

וואס איז ער אהן זיין באזיננער?! וואס איז זיין באזיננער אהן איהם?!

דער בוים גיט זיין בליהען, און דער דיכטער גיט איהם זיין זיננענדיג  ע מ פ י נ ד ע ן  פון אט־דעם שטומען בליהען.

אזוי גיט די פרוי איהר שטום  ו ו ע ר ע ן  אוועק, און ער גיט איהר זיין  ז י נ ג ע נ ד י ג  ע מ פ י נ ד ע ן  פון איהר שטומקייט!

וואס ביזטו, דו רחמנות׳דיג, שטיל ווייב?

אין זיין בליק וועסטו לייענען דיין לעבען!

דאס וואס ער זינגט פון דיר — דאס ביזטו,

און זינגט ער נישט, אזוי ביזטו קיינמאהל נישט געוועזען?

— — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — —

„א גוטע נאכט, פאפא“.

„שלאף געזונט, מיין קינד!“

דאן שטעהט זי פאר דעם ברייטען, מארמארנעם וואש־טיש, וועלכער שמעקט פון זייף און קרעם.

איהרע ברוינבלאנדע האאר פארדרעהט זי אין א קנו

און אריין אינ׳ם קיהלען בעט אריין, מיט זיינע ווארימע קאלדרעס.

לעשט די לאמפען אויס!

דער טאג־מעכאניזם איז געענדיגט

# אנא קאלמאר.

נעבוירען 1878, נעשטארבען 1901.
זעלטענע מצבה־שריפט.

די ערעלסטע אנצייגונג פון די א מ ת ׳ע פלענער פון דער נאטהיים, וועגען אט־דעם קונסטטווערק „פרוי“ ביזטו געווען, דו ליעב־ליכסטע, ארונטערגעשיקט אין אט־דעם „טהאל פון נישט־דערגרייכ־בארקייטען“, אנא קאלמאר!
כדי די מענער זאלען זיך לערנען באגליקט צו ווערען פון דעם חן פון דיין זיסען שמייכען!
אבער זיי האבען עס נישט געלערנט!
זיי האבען זיך זאט־געפרעסען און זיך דערוויטערט.
דא האט דער באשעפער — פאר דער צייט — צוריקגעצווינגען זיין ערעלסטע אנצייכענונג, עס צוריקגערופען צו זיך, ווייל די מענשען האבען דאפון נישט געוואלט לערנען!;

---

# ביים ברעג ים, 1903.

פארוואס זעה איך אייך, א מיידלעך, קיינמאהל נישט אויף א באנק פארנאפט, אינ׳ם וואונדערליכען שוישפיעל פון דעם אוועגד־אנקום ביים ים?!!
קיינמאהל נישט בלייבען־שטעהן ביי די שטילע וואסער־אנגע־טרוקענע לאנקעס, ברוינפארנאלדעטען טראסטניק?! לעבען בינט־לעך האזעל־נים, וואס בויגען זיך אין וואסער אריין, און עהליגע דופטענדע ווערבערבוימלעך?!?
פארוואס זעה איך אייך קיינמאהל נישט איבער דער וואסער־פארענטש איבערגעבויגען, קוקענדיג פערטראכט אינ׳ם וואסער?!?
ביי די שליזען, ביים אויפגערעגטען ווייסען שוים בארוהיגענדע טונקעלגרינע וואסערגוסען?!?

פארוואס, א מיידלעך, זעה איך אייך קיינמאהל נישט נאכקוקען דעם שוואן, וועלכער לעבט בעסער ווי אסטאר, וואנדערבילט?!?

קיינמאהל נישט טרייבען א צערטליכען אפגעטערישען קולט מיט א שעהן, פרעמד קינד, אויף דעם גראזוועג לעבען ים?!? עקסטאזען פון א קינפטיגע מוטערהארץ?!?

פארוואס טרעף איך אייך קיינמאהל נישט רוהענדיג ביי די שטיל ארייגפלוס־וואסערן, אין א לאדקע, ווייט און א פארפרעמדט?!

אויף די א נ נ ע ז ע ה ע נ ס ט ע ערטער, קורהויז, שפאציר־וועג, קאסינא, זעה איך אייך, ז ו כ ע נ ד י ג ד ע ם מ א ן!

אן ערלע דאמע האט מיר געזאגט: „ביי מיין 18טען יאהר, האב איך שוין געלעבט אין א פערווארפען ארט, מיט צעהן ערלע הינט, מיינע טייערסטע פריינט. זיי האבען נישט געטראגען קיין לאקירטע שיך און זענען מיר פונדעסטוועגען געווען ליעב ווי דאס לעבען!"

דאן האט זי געזאגט: „מיין טעכטערל וויעדער — —" און איז אנטשוויגען געווארען. זי האט גענומען א לאדקע און האט זיך ארויסגעשיפט צו די שטילע ארייגפלוס־וואסערן — — —.

איך האב געפיהלט: „א דיכטערין!"

זי איז אבער בלויז געווען די פרוי פון א פאבריקדירעקטאר. דאס וואונדערשעהנע טעכטערל האט געטראכט: „מיין מאמע טוט אלערליי זאכען. פ. א. האט איהר נאך געפעהלט צום רומעל! איך וועל מוזען זעהן, אז זי זאל מיט איהם נישט האבען צו טון — —".

---

## א בלומענצווייג.

אנהויב יולי, א יום־טוב.

א געזעמעל מענשען ווי מוראזשקעס, וועז מען רודערט־אויף זייער נעסט. אויף לאנגע, פארענגטע קאלאנען פון קומענדע און געהענדע, אין דעם וואונדערבארען גארטען פון'ם הערצאג.

אלצדינג איז געווען וואויל־געהיט און וואויל־געשטעלט, און פעסט אפגעהים פון די גארישע ליידענשאפטען פון קינדער און קינדישע!

די אויסגעוועהנליכע האט אפגעבראכען א בלומענצווייג פון א ביימעל.

דער דיכטער האט איהר תיכף געזאגט: „ווען יעדער איינער זאל אפברעכען א צווייג, וואלט דער וואונדערליכער גארטען געווען פארוויסט אין א שעה צייט!"

זי האט געשוויגען. זי האט זיך פארטשעפעט מיט דער וועלט־ארדנונג, געזעצט איהר אייגענעם ווילען אויפ'ן קעניג־שטוהל!

דאן האט ער געזאגט: „ביים הויפט־טויער מוזען מיר פאר־ביינעהן דעם הערצאג'ס זשאנדארם. ווארפט בעסער אוועק די צווייג, איך בעט אייך!"

„איך וויל נישט. עס איז א שעהנע צווייג און איך וועל זי האלטען. איך האב ליעב — — !"

„אבער עס האט נישט קיין זין זיך צו פארטשעפען מיט דער וועלט און מיט איהרע מאסיווע איינפיהרונגען צוליעב א בלומען־צווייגעל. איך בעט אייך, ווארפט עס אוועק!"

„פוי, פ. א., איהר האט נישט קיין זין פאר פרייהייט! איהר זענט א שרעקענדינער! איך האב אייך נישט ליעב!"

ער האט געשוויגען. זי איז געגאנגען מיט דער צווייג.

ביים הויפט־טויער איז געשטאנען א לאנגער, יונגער זשאנ־דארם. ער האט געזעהן די צווייג אין דער האנד פון דער אויסער־געוועהנליכער, האט זיך גלייך א קעהר געטון אן א זייט, אביסעל אין א פארלעגענהייט.

מיר זענען ארויס אויפ'ן אפענעם וועג.

„נו, זעהט איהר?!" האט זי געזאגט.

ער האט געשוויגען. זיי האבען ארייננעשטיגען אין פיאקער, געפאהרען אין שטאדט אריין.

ער האט געזאגט: „ווען יעדער איינער פון די באזוכער זאל געבן א צווייג, וואלט דער פארק געווען פארוויסט אין א שעה צייט!"

זי איז געזעסען זיגעריש און האט זיך געשפיעלט מיט דער בלומענצווייג.

זי איז געווען וואונדער־שעהן, אזוי קינדיש־זיגעריש, פאר־עקשן'ט.

ער האט געטראכט: „פארוואס, מיין טייער מיידעל, האט מען דיר, אין די אמאהליגע יאהרען, נישט גוט צעפאסעוועט דעם הינ־טען? !? היינט, פארשטעהט זיך, איז שוין אן עבירה — — — —"

---

# קונסט

איצט וועל איך רעדען וועגען דיר, אזוי ווי איך באגרייף דיך מיט'ן הארץ:

ווי אן עדלער שאטען ביזטו ביז אהער געווען, ווי אן אויסטער־לישע זאך, וואס טויכט־אויף אין מיטען העלען טאג, אויף די גאסען, צווישען פארנומענע, זעהר פארנומענע מענש! אזוי דער־ווייטערט פון זייער טעגליכקייט, אזוי אהן שום באציהונג צו זייער זעלבסט־דערהאלט־טריב, וועלכער איז נאך אלץ אין אונז! א מאטע, נישט־ניצינגע זאך, געשאפען פון דעם גנאד פונ'ם נישט־ניצינגען קינסטלער! א לוקסוס־שפיעל! מיר ווילען דיך אבער איצט לע־בעדיג מאכען, דיך דערנעהנטערן צום טעגליכען לעבען, דו שאטען אהן פלייש, אהן בלוט, דו „קונסט!" מיר ווילען דיך אריינזעצען אין די שעה'ן וואס ווערען געלעבט, כדי די זאלסט באַ־ברוכטען און רייכער מאכען דאס לעבען פון „מענשען פון א גאנץ יאהר"!

די גרעסטע קינסטלערין איז, צוערשט, די נאַטור און מיט אַ פאָטאָגראַף־מאַשין איז אַז אמת־מענשליכער, צאַרטער האַנד קען מען זיך ביי איהר, אָהן מיה, דערוועריבען איהרע אוצרות. קוקט אַז די בעריאָזעס, די ווערבעס, אין ווינטער און אין זומער־צייט, די הויזגערטנער פול מיט שנעע און די רויזענשטאַקען מיט שטרוי ארומגעהילט. קוקט אַז דעם רויטגראָהען זשוק פון צעילאָן, און די גראָהע מושעל פונ'ם אָקעאַן, און איהר וועט די קינסטלערין „נאַטור“ אין אייך אויפנעהמען, מיט אויגען פול ליעבשאַפט.

און דער בלויברוינער, פאַרבענבייטענדער שמעטערלינג פון כינאַ, אויף ווייסען האַלז, אונטער'ן קרישטאַל־גלאָז איז שעהנער ווי אַלצדינג, מיט וואָס איהר האָט, אין אייער מענשליכער נישט־דערגרייכבאַרקייט אויסגעפוצט אייערע צימערן, אויף אייערע מיט ריינקייט פאַראומרייניגטע טישען!!

די קונסט איז די קונסט, דאָס לעבען איז דאָס לעבען, אָבער צו לעבען דאָס לעבען ק י נ ס ט ל ע ר י ש, דאָס איז די ל ע־ ב ע נ ס ק ו נ ס ט!

מיר ווילען די אויסערגעוועהנליכע, די קונסט, פאַרקנס'ען מיט דעם געוועהנליכען, מיט דער טאָגהייט. די האַנד פון דעם פריי־ ליין אַ. ד. איז אַ קונסטווערק פון גאָט. אָדער דאָס קינד ר. אַ., וואָס שפּיעלט־זיך אין פאַרק. אָדער דאָס שפּרייזען פון אַן אַלטען אַרי־ סטאָקראַט איבער דער גאַס. דאָס רייכטום פון אונזער זיין, נע־ העמטער געדרוקט צו די מענשען, וועמענס נויטיגע געשעפטען דער־ לאָזען זיי נישט עס אַליין דורכצולעבען! פאַרשלאָסען אין דיין מיהזאַמער טעגליכקייט, קענסטו נישט בלייבען שטעהן, אין צייט, פאַר אַ רעגענבאָפּערעלטען אַוועגדליכען וואַלד און קענסט נישט קוקען, שטוינען און פאַרווײלען! מיר ווילען דיך ערציהען, דאָס הייסט, אָפּשטעלען אין דיין מיעדען געלאָף, דו זאָלסט קוקען, שטוי־ נען, פערווײלען! עס איז פאַראַן אַזוי פיעל צו זעהן און דער־ שטוינט צו ווערען! צו בלייבען שטעהן און גאַפּען! שטיל זאָלסטו מיר שטעהן, דו זעהר־פאַרנומענער! נוץ דיינע אויגען, ס'ראָטשילד

פארמעג פון יעדען זעהענדיגען מענש! מיר ווילען אייך נאר ווייזען, ו ו י איהר געהט פארביי, בלינד־זעהענדיגע! עס זענען פאראן מענשען וואס האבען גארנישט וואס צו טון, נישט־ניציגע. מיט ווייט־געעפענטע אויגען קוקען זיי און קוקען. אט־די מענשען האט ס'גורל באשטימט אפצוהאלטען די זעהר־באשעפטיגטע, ניצליכסטע, ביי די שעהנקייטען פון לעבען — — —.



# אַ ש אַ נ ט ע.

(אין ווינער טהיערגארטען, ביי די נעגערן פון דער גאלדקאוסט און וועסט קאוסט).

## מיינע שווארצע פריינדינס,

די נישט־צו־פארגעסען־מעגליכע „פאראדיז־מענשען" אקאלע, אקאלא, טיאקא, דזשאזשא, נאה־באדוה געווידמעט. מייער'ס קאנווערזאציאָנס־לעקסיקאָן.

באַנד 1. זייט 900, אשאנטעע:

נעגערשטאאט אין גינעא, וועסט־קיסטע, גאלד־קיסטע, זענען גע־ווארען צוריקגעטריבען פון די ענגלענדער 130 קילאמעטער פון׳ם האפען. די ענגלישע קאלאניע ביים ברעג: אקקרא.

די ערד פונ׳ם לאנד איז ס׳רוב לעהמיג. דאס קלימאט היים. צוויי מאהל אין יאהר רעגענט: סוף מאי, סוף אקטאבער. פאלמען, גומיביימער. הויפט־דערנעהרונג: יאמז־וואורצעל (עהנליך צו אונזערע קארטאפלעס). די אשאנטי זענען אמת׳ע, געקרויזעלטע נעגערן, וועלכע נוצען די אדשי־שפראך. זיי זענען זעהר פעהיג אין גאלדארבייט און אין טעפיך־וועבעריי. עס הערשט פיעלווייבעריי. די רעליגיע איז געצענדיענסט. די מיסטעריעזע ארבייט פון די פריסטער באשטעהט דער עיקור אין דעם, צו פארטרייבען די „נישט־גוטע" דורך סודות׳דיגע צערעמאניעס און ווילדע טענץ. הויפט־שטאדט פון אשאנטע: קאאמאסיע. גענעראל וואלסלי איז דעם 4טען פעברואר, 1874, אריין אין קאאמאסיע; דער קעניג זייערער האט אפגעליידיגט אלע האפען־פונקטען און האט צינעזאגט אפצו־שאפען מענשליכע קרבנות".

# יוּיסענשאַפט.

אויגמאַהל־איינס.

**איך** לערן פלייסיג, גלייך מיט די אנדערע שילער:

1: עקאַ
2: ענייא
3: עטע
4: עדוע
5: ענומאַ
6: עקבאַ
7: קבאַא.
8: קבאַניאַ.
9: נעהו
10: ניאַנמאַ

**אַז** די קליינע אַקאַלע ווערט גערופען צום עקזאַם, זאָג איך איהר אונטער. קיינער באַמערקט נישט. די שטראָף פאַר נישט וויסען איז קלעפּ אויף דער האַנדפלאַך מיט אַ באַמבוז־שטעקען.

דער לעהרער פרופט אוים די קליינע אַקאַלע. 7? באַאַ. 4? עדוע. 50? נאַמאַזשנומאַ. 21? — — 21? די קליינע אַקאַלע קוקט אריבער צו מיר, אַזוי קרומליך. 21 — — — ?

איך ענטפער נישט. איך האָב אליין אויך פאַרגעסען. קליין־אַקאַלע קוקט מיך אַן דערשראָקען.

איך לויף אריין אין אַ זייטיג ביידעל, טו אַן עפען־אויף מיין נאָטיצביכעל, צייכען אַן 21, האַלט עס פאַר דער נעגערין, מיט אַ פראַגע.

„טוועגטי וואַן, סיר!" זאָגט זי מיר אויף ענגליש „וואָס איז דהי מעטער?"

„דו געבילדעטע פּאַסקודסטווע!" טראַכט איך. „נאַ, נאַ", זאָג איך „נישט אויף ע נ ג ל י ש, אויף אַשאַנטעע".

„נאַמאַניאַ מאַאַקאַמע" זאָגט זי.

איך לויף צוריק אריין אין שוהלע און פון נרוים אויפרעגונג זאג איך אונטער אביסעל צו הויך: „נאמאניאמאאקאמע!“
די קינדער לאכען. דער לעהרער לאכט אויך
קליין־אקאלע וויינט אין א ווינקעל.
מיט א רגע פריהער האט זי געכאפט שמיץ אויף דער האנדפלאך.
נעוויס וועל איך אמאהל פארגעסען די קליינינקייטען וואס איך האב אויסגעלערנט אויף דער אשאנטעע־שפראך — — — אייבינ וועל איך אבער וויסען: 21? — — נאמאניאמאאקאמע!

# דער קוש.

איך בין געזעסען אויף א באנק אין טהיער־גארטען“.
אויף מיין שויס איז געזעסען קליין־אקאלע און האט געצעהלט איהר נעלד וואס זי האט געהאט וואונדערליך צעטיילט, אין דריי טיילען פון טייסטערל. אין יעדען טייל 25 קרייצער, מתנות פון באַ־וואונדערונג.
א וואונדערשעהנע יונגע דאמע איז געקומען מיט איהר מאן.
אקאלע האט א קוק געטון אויף דער דאמע, האט זיך אויפגע־הויבען, צוגעגאנגען צו איהר, אויסגעשפרייט די ארעמס, און איהר געוואלט א קוש טון אויף די ליפען, ווייל זי איז געווען זעהר שעהן.
די דאמע האט אפגעווייכט — עטליכע טריט.
דאס קינד האט זיך געטוליעט צו מיר, טיעף־פארשעהמט.
„מאדאם — —“ האב איך געזאגט „איך בעט אייך, איך בעט אייך — — —“
„נישט אויפ'ן מויל — —“ האט געזאגט די דאמע אין א פער־לעגענהיים.
איך האב גענומען אקאלע אין מיינע ארעמס, געקושט איהר ליעבע ליפען, און איהר אטעם איז געווען ווי דער אטעם פון אווענד־לאנקעס.

„לאז זיך!" — האט געזאגט דער מאן. און אויף פראנצויזיש:
„סאיז א באליידיגונג!"

„איך קען נישט!" האט געזאגט די וואונדערשעהנע יונגע דאמע.

דא האב איך געזאגט: „די דאמע מיאוס'ט זיך פון דיר, אקאלע. איך פיהר מיך אויף ווי א נארישע מוטער, וועלכע קען נישט באנרייפען די אנדערע מענשען. ענטשולדיגט מיר, מאדאם. איך האב געהאנדעלט ווי א נארישע מוטער, די נארישסטע וואס די וועלט פארמאגט. א סך ליעבשאפט, ווייניג שכל".

די דאמע האט גענעבען דעם קינד א קראן.

דאס קינד האט גלייך צוריקגעגעבען דאס זילבערשטיקעל.

דער מאן האט געטראכט: „צו וואס האסטו עס אין גאנצען באדארפט?!"

די דאמע האט געזאגט אריע, האט מיר גענעבען די האנד, מיך טרויריג אנגעקוקט.

דאס פאארעל איז שטיל אוועקגעגאנגען.

אקאלע איז פארקראכען אין מיינע ארעמס, וועלכע האבען זי ארומגענומען מיט א ליעבשאפט, וואס איז נישט צום באשרייבען.

---

# קולטור.

אקאלע, „די גרויסע אקאלע" (17 יאהר) און „בעיבי אקאלע" (7 יאהר) זענען געווען איינגעלאדען צום נאכטמאהל, ביי פרוי ת. אין שטאדט. זיי האבען געטראגען ברוינע ליילעך־מאנטלען און העל־גרינע פאטשערקעס. ווייטער גארנישט. עס זענען געווען איינ־געלאדען עטליכע פריינד און פריינדינס פון דער פרוי ה.ביידע אקאלעס זענען געזעסען ווי ענגלישע דאמען פונ'ם קעניג'ס הויף.

„זיי רעדען זיך איין זעהר א סך, אט־די פאראדיז־מענשען —" האט געזאגט פרייליין ד.

„יא" האט געענטפערט פעטער א.

פרייליין ד. איז רויט געווארען.

פעטער א.: „א וואלד, וואס איז א וואלד? אז איינרערעניש, א וואלד. א מאסע בלעטער. אהן פאלשע פאעזיען, מיינע טייערע, אהן קרענקליכע טרוימערייען! אזוי איז עס. א מאסע בלעטער. דאס אלעס".

„פארוואס מוזט איהר שטענדיג געבען א שטאך, פעטער, וועה־טון, גילאטינירען?!"

פעטער: „נעגער זענען קינדער. ווער פארשטעהט זיי? וו־די ליעבע, שטומע נאטור, זענען די נעגער. אין ד י ר ברענגען זיי ארוים טענער, אבער זיי אליין זענען אהן מוזיק. פרעג איך: וואס איז דער וואלד, דאס קינד, דער נעגער?! עפעס־אזוינס זענען זיי וואס ברענגט אין אונז ארוים טענער, די קאפעלמייסטערס פון אונזער סימפאני־ארקעסטער. זיי אליין שפיעלען נישט אויף קיין שום אינסטרומענט. זיי דיריזשירען אונזערע נשמות".

נאכ'ן עסען האט יעדער אקאלע באקומען א וואונדערבארע פראנצויזישע ליאלקע, אויף א שפאס.

צוערשט האבען זיי זיי פארזוכט צום שלאפען, און האבען זיי געקושט.

פלוצים האט די גרעסערע אקאלע גענומען אראפגליטשען פון איהר שעהנעם אויבער־קערפער דעם ליילעך־מאנטעל, און האט געגעבען דער ליאלקע צו טרינקען פון איהר וואונדערליכער ברוסט. די קליינע אקאלע איז געשטאנען מיט דער „הונגעריגער" ליאלקע אויף די הענט, טיעף עפרצווייפעלט איבער איהר קליין בריסטעל.

פרוי ה. האט געזאגט צו איהרע געסט, אז דאס איז געווען דער הייליגסטער מאמענט פון איהר לעבען.

די געסט האבען געזאגט עפעס עהנליכס, אבער נישט אזוי באגייסטערט.

בלויז דער הערר ב. האט געשמייכעלט, ווי מען שמייכעלט אייגענטליך נ י ש ט, ווען מען שמייכעלט — — —.

# אַ בריעף פון אַקראַ.

אַ בריעף פון אפריקא. ווען האט מען איהם אויפגעלענט? ! דעם 20טען יולי. ווען איז ער אנגעקומען? ! דעם 26טען אויגוסט. די טרעהרען פון די וואס האבען דעם בריעף געשיקט זענען שוין טען. מאנאמבא'ס ברודער איז געשטארבען, 14 יאהר אלט. „ער געשטילט, אבער די טרעהרען פון די וואס קריגען דעם בריעף פלי־איז נעוועזן אזוי גרויס ווי טיאגא — — —" זאגט מאנאבמא „און פונקט אזוי שעהן".

די גרויסע אקאלע זיצט ביי איהר פארקויף־טישעל, צעהלט געלד.

די טרעהרען רינען איבער איהר ערדעל פנים.

„האט ער זיך עפעס אנגעקעהרט מיט איהר?" פרעג איך דעם הויפטלינג אויף ענגליש.

„מיר באווייגען אלעמען", זאגט דער הויפטלינג „אזוי זענען מיר. אז איך וועל זיין אין אפריקא וועל איך וויינען איבער איך, סיר!"

אקאשיא זיצט אויפ'ן טאנצפלאץ, מאכט מוזיק מיט אייזערנע קאסטאניעטען, די טרעהרען רינען איבער איהר ערדעל פנים.

טיאקא זיצט לעבען איהר ביידעל, זינגט שטיל פאר זיך און וויינט. ווי הארף־באגלייטונג צו טרעהרען, ווי פסאלמען.

מאנאמבא וויינט נישט.

„דו ביזט נישט טרויריג, מאנאמבא?!"

„סיר, איך בין אין דער פרעמד. איך'ל וויינען ביז איך וועל זיין אין אפריקא — — —"

„אט־דער מאדנער בענקען־אומעט איז עפעס נישט צו פאר־שטעהן!" האט א יונג מיידעל געזאגט צו מיר. אביסעל נישט זיכער. און איך: „גלויבט נישט אז זיי וויינען דערפאר ווייל דאס קליינע אינגעל איז טויט. זיי וויינען אוים בענקשאפט — — צו אפריקא. עס איז די צארטסטע קראנקהייט פון אונזער נשמה,

אַם דאָס אַהיים־בענקען! עס איז פּונקט ווי אַ קליין מיידעל, וואָס באַקומט אַ נייע גובערנאַנטקע. „מערקווירדיג" זאָגען די עלטערן „מיר האָבען זיך גאַרנישט פאַרגעשטעלט, אַז אַלצדינג זאָל אַפּ־געהן אַזוי גלאַט: זיי זענען פריינטליך ווי אַלטע באַקאַנטע. די גובערנאַנטקע איז אויך זעהר אַ גוטע". פּלוצים אָבער, אַ שלעכט וואָרט פון דער גובערנאַנטקע. דאָס קינד ווערט צעגאַנגען אין טרעהרען. איז עס ס'וואָרט? בשום אופן נישט, זי וויינט נאָך איהר אַלטער ניאַנע — — —"

9 אַ זייגער בייינאַכט. די טרעהרען האָבען אויפגעהערט. די לבנה מאַכט גלימצערן די בעריאָזעס אינ'ם גאָרטען. שטיל זענען די אַפריקאַנישע געצעלטען. טיאַקאַ'ס געצעלט איז פינסטער. מאַנאַמבאַ רופט מיך. איך געה אַריין. אויף דר'ערד לינען מאַ־נאַמבאַ, אַקאַלע די וואונדערבאַרע און אַקאַשע. קיין קישען, קיין קאָלדרע. די אויסערגעוועהנליך־שעהנע אויבערקערפּערס זענען נאַקעט. עס שמעקט מיט ריינע, יונגע לייבער. איך גיב באַזאַכט אַ ריהר־אָן די וואונדערבאַרע אַקאַלע. „געה צו טיאַקאַ'ן!" זאָגט זי מילד אויף ענגליש. „דו ליעבסט נאָר יענע!"

מאַנאַמבאַ, וועמען עס האָט אַנגעשפּאַרט ס'טרויריגע בענקען נאָך אַפריקאַ זאָגט: „סיר, מאָרגען ברענג אונז אַ פיש־טאָפּ. עס איז צו־קאַלט בייינאַכט אַרויסצוגעהן פונ'ם געצעלט. ער מוז זיין פון דרויסען בלאָה און פון אינוועניג וויים. וואָס ער'ט קאָסטען וועלען מיר זיך אַלע דריי צענויפלייגען און באַצאָהלען. טיאַקאַ'ן, פאַר־שטעהט זיך, וועסטו מסתם געבען אומזיסט. וויפיעל וועט דאָס קאָסטען?!"

„מאַנאַמבאַ, איך האָב נאָך קיינמאָל נישט געקויפט אַזוינע זאַ־כען. איך וויים נישט וויפיעל עס קאָסט. צווישען 50 קרייצער און 500 גולדען. קעניגינס נוצען גאָלדענע".

„סיר, עס איז היינט געווען אַ טרויריגער טאָג. אַ גוט־נאַכט! דו ליעבסט טיאַקאַ'ן. דער טאָפּ מוז זיין פון דרויסען בלאָה, און פון אינוועניג וויים. ברענג איהם מאָרגען. פאַרגעס נישט!

מען קען אין אזוינע נעכט נישט ארויסגעהן פונ'ם געצעלט. ס'איז קיהל — —"

איך האב די דרײַ מיידלעך, אויף די הארטע געלעגערס, געקושט די הענט. אקאלע איז געווען צו־שעהן! איך האב אנידערגעקניעט פאר איהר, איהר געקושט דעם שטערן, די אויגען, די ליפען — —.

„געה צו טיאקא'ן — — —" האט זי געזאגט ווייך.

פאנאמבא, אקאשיא זענען פארקראכען אין זייערע ווינקלען.

„געה צו טיאקא'ן — — —"

או איך בין ארויס פונ'ם געצעלט, זענען די בעריאזעס געווען גראה אינ'ם פריהליכט און ווי צענויפגעשפינט מיט דער טומאנער לופט, וועלכע האט געשמעקט מיט פייכטער פרישקייט — —.

---

# אקאליע'ס געזאנג, אקאליע'ס שעהן ליעד.

א שרעקליכער שטורם אין גארטען. אויף דעם ברוינעם טייך ליגען טויזענד גרינע בלעטער און קליינע שווארצע צווייגלעך. די ליכטינברוינע ווילדגענז צענעהמען די פעדערן, עפענען זייערע רויטע שנאבלען.

אקאלע זיצט ביים טייך, זינגט איהר שעהן ליעד:

„אנדעליינא, אנדעליינא, אנדעליינא, גבאמאלעעעע — —

אנדעליינא נבאמאלע.

אנדעליינא אקקרא—אומא, אנדעליינא גבאמאלע

אנדעליינא אנדעליינא — — —

אנדעליינא הע אבליינא, אנדעליינא גבאמאלע.

אנדעליינא אקקרא—לעידי אנדעליינא הע אבליינא.

אנדעליינא אנדעליינא — —

אנדרעליינא וויענער־לעידי אנדרעליינא באבאנדראאא.
אנדרעליינא אנדרעליינא אנדרעליינא באבאנדראאא,
אנדרעליינא הע אבלייא, אנדרעליינא גבאמאלע!"
א שרעקליכער שטורם אין גארטען. אויף דעם ברוינעם טייך ליגען טויזענד גרינע בלעטער און קליינע, שווארצע צווייגלעך.
„אנדרעליינא אנדרעליינא — — — — — —.

---

## דער הויפמאסטער.

ביים אריינגאנג צום „טהירגארטען“, מיט דער שווארצער גראַ־טע־וואנד און די שטויביגע סירינגא־בלומען איז געווען א העלברוין שווייצער הייזעל, וואס האט זיך געבראטען אין דער זון. אין אט־דעם האטעל איז געזעסען א יונגערמאן און געגעסען א באר.

ער האט פארקויפט ציטראן־נעלע בילעטען און טונקעל־גרינע, צו מעסיגע פרייזען, פאר פעראיינען, סאלדאטען, איינוואוינער. „קינדער קענען נישט אריינגעהן“ האט ער געזאגט. ווי איינער רערט: „אהוש! מ'דארף אייך נישט! איהר האט נישט קיין שום באריטונג — — —!“

אין א קליינער שטייג לעבען דעם שווייצענדיגען שווייצערהיי־זעל זענען געזעסען צוויי אפען. די שטיינ איז געווען פול מיט שטיקער זעמעל און ווערפלעך צוקער.

א יונגער הויפמאסטער מיט א בחור'על און א מיידעל, האט געזאגט: „נעלאנגווייל‌טע מענשען! זיי פרעסען נאר אויבסען! וועסטו באלד זעהן!“

ער האט זיי געגעבען א קליינע פערשקע.

די אפען האבען זיך אויפגעזעצט אויף די הינטערשטע פיס און געגעסען ווי ווילדע קעצלעך. דאס יונגע מיידעל איז געווען

צעווארעמט פון דעם הויפמייסטער'ס גרויסען אויפטו, און זי האט געפיהלט, אז אלע וואס שטעהען דא ארום דער שטיינ האבען דעם הויפמייסטער א ו י ך א ז ו י באוואונדערט, אדער עהנליך.

„דערמאהן מיך פארטונאטינא, וועל איך דיר מארגען פארלעזען „ברעהם" איבער אט־די לעבעדיגע לייבלינג־שפייזען פון דעם יאגואר און די אנזא־חיה, פון בראזיליען".

דאן איז מען געקומען צו די בערען, וועלכע האבען געמאכט די געוויסע בערען־באוועגונגען און האבען געשמעקט, אז איין נאט זאל זיך דערבארעמען, און וועלכע דאס פובליקום האט כסדר פער־לאנגט, אז זיי זאלען אריין אינ'ם וואסער־גרוב.

„ווארטס אויס !" — — האט געזאגט דער הויפמייסטער, האט אריינגעווארפען אין וואסער־גרוב א גאנצען זעמעל. דא האט שוין דער בער זיך נישט געקענט איינהאלטען און ער האט געמוזט אריין, כאטש מיט'ן פאדערשטען טייל קערפער.

ביי דער לייבין האט פארטונאטינא זיך אנגעשפארט מיט'ן עלענבויגען אויף דער האלצערנער פארענטשע און זי לאנג אנגעקוקט. די לייבין האט זיך געשלייכט אהין און אהער, ווי זי וואלט זיך גע־גליטשט אויף דעם פייכטען, שטיינערנעם דיל, ווי זי וואלט זיך צו עפעס דערקריכען. צו וואס ? ! ווייסט גאט אין הימעל !

דער הויפמייסטער איז געשטאנען ביי דער שטיינ. דאס אינ־געל איז געשטאנען אביסעל ווייטער, הינטער איהם, און געשלעפט מ'זאל אוועקגעהן : „א לייבין — וואס איז דא פאראן צו זעהן ? ! מען האט זי איינגעשלאסען — — —"

דער הויפמייסטער איז רוהיג שטעהן געבליבען אויף זיין ארט.

„פארטונאטינא און די לייבין — — — !" האט ער געטראכט.

ער האט נישט אנגעהויבען וויסען וואס דאס באטייט, וואס פאר אן איינהאלט עס האט. ער האט עס געפיהלט ווי א באלאדע, וועלכע קיינער האט נישט געדיכטעט. די באלאדע איז פאראנען, וויל גע־בוירען ווערען פון א דיכטער, אריינטרעטען אינ'ם לעבען. אין קאפ פון א מענשען געפינט זי זיך שוין, צווינגט זיך צום טאגליכט, וויל

ווערען א נעזאנג — — —. פארטונאטינא און די ליבין!

דער הויפמייסטער איז געשטאנען רוהיג.

דאס קליינע מיידעל האט זיך געגעבען א דרעה־אום, איז רויט־געווארען, האט געשמייכעלט פארשעהמטליך, האט זיך פארטיג געמאכט צום געהן.

„עס איז נישט קיין שאנדע זיך אריינצוטרוימען אין חיות" האט געטראכט דער הויפמייסטער.

מיט א שמייכעל האט ער ארויפגעלעגט זיינע וואונדערליך־שעהנע פאטער־הענט אויף די אקסלען פון'ם קינד.

פארטונאטינא האט געטרוימט: „ — — — פלוצים אין מיטען דער נאכט א לייבעננעשריי — —. די גאנצע וועלט ציטערט — —. איין זעץ מיט'ן לייבענפוס איז אים שטאנד — — —. עס זענען באקאנט ביישפיעלען אז — — —. אפריקא. אפריקא. אַלטבלוטיקיים, פעסטקייט האבען אפט געראטעוועט ס'לעבען פון א יעגער, אין דער סאמע לעצטער מינוט, ווען מען האט געמיינט — — —."

זי האט געקוקט אויף דעם הויפמייסטער.

ער האט געטראגען ברייטע פעפיטא־הויזען, א טונקעלען סאק־ראק, און אזא קליינעם, ברוינעם פילצהוט. א שטעקען מיט א הענ־טעל פון הירשענהערנער און א „צוויקער" מיט א גאלדען רעהמעל. ער האט באדארפט זיין אנגעטון פון אויבען ביז אראפ אין א געלען לעדער־אנצוג! יעדענפאלס האבען זיינע פיס געדארפט זיין איינגע־טונקען אין לעדער ביז צו דער דיך — — —. א יעגער!

זיי זענען געגאנגען ווייטער.

עס האט זיך געהערט א גערויש פון אייזערנע קאסטאנועטען. טעמפע האלצטרומיימערס, מעש־רינגען.

זיי זענען געקומען צום טאנצפלאץ פון די אשאנטי־נעגערן.

„סינקאפירטע ריטמען" האט געזאגט דער הויפמייסטער, „איהר הערט? טארא, טארארא, טארא, טארארא — — —".

„ווי ביי אונז די דרעשער־שטעקענס!“ האָט געזאָגט ס'איננעל.

„זעהר ריכטיג!“ האָט געזאָגט דער הויפּמייסטער „סינקאָפּען!“

„אָבער אקוראַט אזוי ווי מען דרעשט תבואה“ האָט געזאָגט פאָרטונאַטינאַ.

„אדער ווי א וואַגאָן פון דער באהן, דאָס קלאַפּעריי פון אונטען, צווישען די רעדער“ האָט געזאָגט ס'אינגעל.

„אָבער אַקוראַט ווי אין אַ וואַגאָן פון דער באהן“ האָט געזאָגט פּאַרטונאַטינאַ „איצט וואָלטען זיי באַדאַרפט אַנהויבען שפּיעלען מיט אַמת'ע אינסטרומענטען“.

„בראַוואָ פאַרטונאַטינאַ — — —!“ האָט געזאָגט דער הויפּמייסטער.

„ביי זיי איז דאָס מוזיק — — —“ האָט געזאָגט דאָס איננעל.

„מאַך נאָר נישט אַזוי: „ביי זיי — ביי אונז“ צי מיינסט עס דען עפּעס? ! פאַרוואָס? ווייל דאָס נאַרישע פאָלק קוקט אויף זיי פון אויבען־אַראָפּ און באַהאַנדעלט זיי עפּעס ווי אויסטערלישע חיות? פאַרוואָס? ווייל זייער הויט איז טונקלער ווי אונזערע! אָט־די מענשען זענען יעדענפאַלס צאַרט און גוט. קום נאָר אהער, דו קליינע. ווי רופט מען דיך? האָב נישט קיין מורא!“

„טיאַקאַ — — —!“

ער האָט גענומען איהר וואונדערליך־שעהנע ברוינע האַנד און זי אריינגעלעגט אין פאַרטונאַטינאַ'ס האַנד. טיאַקאַ האָט זיך פאַרלוירען, נישט געוואוסט וואָס צו טון.

דערנאָך האָט ער ארויסגענומען פון טאַש אַ שנירעל מיט פיער שורות ווייסע גלאָזפּערלען מיט אַ גאָלדשלעסעל, און עס אוועקגעשענקט דעם נעגער־קינד.

„וואו האָט איהר עס גענומען? !“ — האָט געפרעגט ס'אינגעל, בעת דאָס מיידעל האָט גאַרנישט געפרעגט. איהר איז עס פאַרגעקומען זעהר פאַרשטענדליך.

„פון וואַנעט? פון וואַנעט? — אַ פראַגע!“ האָט געענטפערט דער הויפּמייסטער, און נישט געענטפערט.

שפּעטער האָט דאָס אינגעל געזאָגט: „איהר זענט געווען נום און צו־געלאָזען צו טיאַקאַ'ן, און איהר מיינט אז זי איז דאָס צו אייך אויך געוועזען. אָבער ס'איז פּונקט פאַרקעהרט".

דער הויפּמייסטער האָט איהם אָנגעקוקט, ווי איינער רעדט: „נאַרישער מענש, דאָס איז דאָך דער גאַנצער ענטפער אויף'ן רעטע־ניש אינ'ם פאַרפּלאָנטעטען לעבען". אָבער ער האָט געזאָגט: „פאַרטונאַטינאַ, איז טיאַקאַ נישט געווען גוט און מילד און צו־געלאָזען?! נו, וואָס־זשע?! ווי געטריי זי איז מיט אונז געגאַנגען, האָט נישט אָפּגעלאָזען דיין האַנד. ווי זי האָט זיך געפּרעהט מיט די גלאָז־פּאַטשערקעס! און אַ חוץ אַלצדינג — וואָס פאַרא ריינקייט, וואָס פאַרא וואונדערבאַר־גלאַטע, קיהלע הויט, וואָס פאַרא שעהנע עלעפאַנטביין־צייהן, אַזוינע ערעלע פּיס און הענט, אַזוינע אַריסטאָקראַטישע האַנד־געלענקען".

דאָס אינגעל האָט געטראַכט: „פּונדעסטוועגען איז עס פּאָרט אַזוי. ער האָט זי זיך געקויפט".

פאַרטונאַטינאַ האָט געזאָגט ביים געזעגנען: „טיאַקאַ, איך האָב דיך ליעב".

דאָס אינגעל האָט געטראַכט: „פאַרטונאַטינאַ איז עפּעס־אַזאַ!

דער הויפּמייסטער האָט געקושט טיאַקאַ'ן.

פאַרטונאַטינאַ האָט געפּיהלט: „אַלע זענען ערעל, גוט, די אָרעמע לייבין, דער הויפּמייסטער, טיאַקאַ. וו אין פּאַראַדיז איז עס, וואו מענשען און ווילדע חיות — — —"

דאָס אינגעל האָט געזאָגט: „וויפיעל האָבען האָבען געקאָסט די פּאַטשערקעס? ווי אַזוי האָט איהר זיי געקראָגען?!"

„ווי אַזוי? ווי אַזוי?! מען מוז ס'האַרץ פון אַ מענשען עפּענען בלויז מיט דעם שליסעל וואָס פּאַסט דאַצו.

דאָס אינגעל האָט געטראַכט: „עפּעס איז דאָ מיט טיאַקאַ'ן נישט גלאַט־אַזוי?"

פאַרטונאַטינאַ האָט געפּיהלט: „איך וואָלט מיך געקענט צע־וויינען איבער טיאַקאַ'ן, איבער דער איינגעשלאָסענער לייבין, אי־בער אַלצדינג".

ביים ארויסגאנג פונ'ם גארטען זענען די אפען וויעדער געזעסען אין די שטייגען, און די געלאנגוויילטע מענשען האבען וויעדער אריינגעווארפען זעמעל און צוקער. אין דעם ליכטיג־ברוינעם, שווייצערהייזעל איז געזעסען דערזעלבער מענש און פארקויפט ציטראן־געלע בילעטען און טונקעלגרינע צו מעסיגע פרייזען, פאר פעראיינען, סאלדאטען און היימישע לייט.

„ביזט מיעד, פארטונאטינא ? !“ האט נעפרעגט דער הויפמייסטער.

„א ביסעל — — —“

„איז זעצען מיר זיך — — —“

אין א זייט, צווישען קוסטען איז געווען א באנק, ארומגערינגעלט מיט לאנקעס, אויף וועלכע עס זענען געשטאנען גרופעס בוימער. אלע האבען געפיהלט די אנגענעהמע רוה, האבען זיך ענגער צונויפגעטוליעט. דער הויפמייסטער האט ארויסגענומען פון טאש א שנירעל מיט פיער שורות גלאזפערעל מיט א גאלדשלעסעל און עס אנגעטון פארטונאטינא'ן אויפ'ן האלז.

יענע האט אויפגעציטערט פון גן־עדן־פרייד.

אלע האבען געשוויגען.

דאס אינגעל האט נישט געוואוסט וואס צו טון.

„עס שמעקט אריבער פון די לאנקעס — — —“ האט נעזאגט דער הויפמייסטער.

אלע האבען טיעף איינגעאטעמט דעם פיינעם דופט וואס די ערד האט אויס:געאטעמט פון איהרע וואונדערבארע לונגען, אייגענטליך פון איהר הויט.

„ווער ווייסט וואס טיאקא טוט ביינאכט ? ! האט נעפרעגט ס'מיידעל.

„זי רייניגט די קליידער פאר דעם מענש וואס איז געזעסען ביי דער קאסע, מאכט די געלעגערס, גרייט־אן וואסער אויף ביינאכט“.

„איך האב געמיינט אז זי איז א קעניגס־טאכטער“.

דער הויפּמייסטער האָט זי פּיין געקושט אויף איהרע גאָלדענע האָאר.

„איך האָב אַ קעניגליכע צירונג“ האָט זי געפּיהלט „אַזוי ווי אַ רייכע ענגלישע לעידי. פיער שורות ריינע פּערל. נישט צו באַצאָהלען מיט קיין געלד, אפשר צוויי מיליאָן — — —“

די פייכטע, אווענדליכע לאנקע־ערד האָט ארויסגעגעבען איהר אטעם־ריינע, נעפּעלדיגע פרישקייט, פאר די מיעדע מענשען אויף דער הארטער גארטענבאַנק, די פארליעבטע פּאָאַרלעך אין די שטי־לע וואלד־ווינקלאַך, וועלכע האָבען געוואַרט אויפ'ן אווענד מיט זיין שטילקייט. די בוימער זענען געשטאַנען ווי וואָלקענס אויף דעם לאנקע־הימעל. טיאקא, אין גארטען, האָט געציטערט, האָט פארוואָרפען דאָס דינע, העליאַטראָפּ־פארביגע געוואנד איבער איהרע וואונדערבארע, ליכטיגברוינע בריסט, וועלכע האָבען גע־וועהנליך געלעבט אין פרייקייט און אין שעהנקייט ווי גאָט האָט זיי באַשאַפען, געבענדיג דעם מאנסביל־אויג אַ בילד פון דער וועלטפולקאָמענהייט, אַן אידעאל פון קראַפט און בליהונג.

דערנאָך האָט זי זיך אוועקגעזעצט אויף אַ הילצערן פוס־בענ־קעל און געשיילט קארטאָפלעס פאר נאכטמאהל.

„וואָס טוט איצט טיאקא?“ האָט געטראַכט ס'מיידעל, לע־בען הויפּמייסטער.

דער הויפּמייסטער האָט געהאַלטען איהרע הענט אין זיינע — אַזוינע וואונדערליך־שעהנע ברידער־הענט — — —.

„נאַ!“ האָט געזאָגט ס'אינגעל „ס'איז דאַ אומעטיג און מען וועט זיך נאָך פארקיהלען. פארטונאַטינא וועט באַלד אָנהויבען ניסען“.

„לאָז עס דיך נישט ארען, איך בעט דיך!“ — — האָט גע־זאָגט דער הויפּמייסטער. אַלע זענען געגאַנגען שווייגענדיג און נישט געוואוסט וואָס צו טון. זיי זענען געגאַנגען א ה י י ם.

אויפ'ן וועג האָט ס'קליינע מיידעל געזאָגט צום הויפּמייסטער: „איך וואָלט זיך אפשר טאקע געוועזען צו־געקיהלט — — —. זענט איהר ברוגז אויף איהם?!“

„דו גוטע, טייערע !" האט געזאָגט דער הויפמייסטער און גע־דריקט איהר קליינע האנד צו זיין הארץ.

---

## פּאַראַדיז

פון אלע זאכען אויף דער וועלט, וואָס ווינשסטו דיר צום בעסטען, טיאקא ?

— גרינע פּאטשערקעס, סיר !

— און ?

— בורשטינגער פּאטשערקעס, סיר !

— און ?

— און בלאָהע פּאטשערקעס, סיר !

— און ?

— און ווייטער גאָרנישט, סיר !

— — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — —

---

## דער אווענד.

אכט אזייגער אין אווענד. רעגען, רעגען — — —.

עס הערט אביסעל אויף.

עס שמעקט מיט נאסע קיזעלשטיינער. אָדער אפשר דאכט זיך נאָר אזוי.

טיאָקא שטעהט אָט־דאָ־אָ, איינעגהילט אין איהר לילאַ־פּאר־ביגען געוואנד.

ווי אַ טונקלער טייך־פוּיגעל וואָס פריהרט, ווי אויף איין פוס שטעהט זי, אין איהרע אויפגעבלאָזענע לילאַ־פּעדערן.

דאָ גיב איך איהר דעם ערשטען קוש.

זי שטעהט רוהיג — — —.
„ווי גליקליך בין איך — — —!
דער רעגען האט אביסעל אויפגעהערט.
עס שמעקט מיט נאסע קיזעלשטיינער.
— גוט נאכט, טיאקא — — — —. טיאקא — — — — — — ?
— — — — — טיאקא ? !"
„אה, סיר — — —".

---

# דער נעגער.

א קליין, וואונדערליך בלאנד מיידעל, מיט אן אויג, שלעפט מיט זיך מיט א נעגער, אומעטום וואו זי געהט. אין צירק זיצען זיי אליין אין א לאזשע.

„די קליינע איז ראמאנטיש — — —!" זאגט דער פאטער, גליקליך און שטאלץ „ווען עס זאל ווייטער אזוי אנהאלטען — — — — ? !"

שרעק־בילדער גענומען פון אמעריקאנישע אילוסטרירטע זשורנאלען. „א נעגער פארגוואלטיגט א קליין מיידעל. מען לינטשט איהם. מען באגיסט איהם מיט נאפט. צוויי שעה דורכ־אנאנד ברענט ער, ביז עס בלייבט בלויז א הויפען אש.

זיי זיצעןביידע אין דער לאדזשע פונ'ם צירק. עפעס־וואס מאגנעטישעס. א וועלט־סימפאטי. די פארהאלטער פון די גרויסע ליעבעס־שטראמען פון דער נאטור. די נשמה פון א קינד, דער רוקענמארך פון א ווילדען!

די אמעריקאנישע אילוסטרירטע זשורנאלען איבערטרייבען, אבער די נאטור אליין איבערטרייבט. דער שטורם, דער שלאקס־רעגען, דער דונער־קנאל — אלע זענען איבערטריבען: דער ווע־זוף־בארג, די ליעבע, דאס טראפישע וואלד — — אלצדינג איז איבערטריבען, איבערטריבען — — — !

„דאָס איז אַן עלעפאַנט — — —! זאָגט דאָס קליינע מיידעל. „עלע־פאַנט".

„שו־אַר — — —" זאָגט דער נעגער. אויף זיין שפּראַך הייסט דאָס: „געוויס", „זיכער".

„שו־אַר — — —" זאָגט דאָס קינד.

„שו־אַר — —" זאָגט ווידער דער נעגער.

ווי נאָהענט זיי זענען זיך, אַט־די צוויי: שו־אַר־עלעפאַנט, עלעפאַנט־שו־אַר. זיי רעדען ביידע דיזעלבע שפּראַך. פאַרשטע־הען זיך, שו־אַר־עלעפאַנט, עלעפאַנט־שו־אַר!

---

# פּלאָנטערס.

אַקאַלע, ווי געגאָסען אין אַ קינסטליך בראָנזבילד, אַ יונגער מאַן פון אַ רייכען הויז וואָלט דיך געוואָלט באַזיצען!

אַ קליין, גאָלדענע האָאָר־קעמער וואָס ער האָט דיר געשענקט טרייעסטו שוין לאַנג אין דיינע געקרויזטע האָאָר.

ער פאָהרט פאַרביי אין אַן עקיפּאַזש. זיין מוטער טראָגט אַ הוט פון פראַנצויזישע פיאַלקעס און באַגריסט דיך מיט אַ שמייכעלע. אַקאַלע: „אַן אידעאַלער מאָמענט וואָלט עס פיעלייכט געווען אין איין וויקטאָר'ס לעבען. עפּעס וואָס וועט איהם ראַטעווען פון זיין לאַנגוויילֿ. זי רעדט נישט קיין שום שפּראַך. מען קען באַהערשען — דורכאויס. זי איז אונזערע. זי איז מיר געטריי. וואָס קען זי זיך אַנמעסטען, אַז מיר זאָלען איהר געבען?! ווידער אַ שנירעל פּאַטשערקעס און נאָך אַמאָהל דאָס אייגענע. שוואַרץ איז זי. נישט יעדען געפעלט עס. שטום — פאַר יעדען איינעם, נישט פאַרפּלאָנטערט. אַן אידעאַלער מאָמענט וועט זי זיין אין זיין לעבען, אַ מעדיצין פאַר זיין מיעדער, שלאָפער נשמה, אַ וואַרעם־באָד. סיי־ווי־סיי: עפּעס אויסערגעוועהנליכעס: ווי אַ רייזע קיין אויסלאַנד, אָדער דאָס יאָהר וואָס

מען דיענט אין מיליטער. עפּעס וואָס א נ ד ע ר ש ט־איבער, באַוועגט, ווי אן עפּיזאָד אינ'ם לעבען פון א „קינסטלער, פון א דיכטער. שפּעטער, פאַרשטעהט זיך — — — ? !"

„אקאלע — — —" זאָגט אפאלו אהאַרזשי, „איסומא" (איך ליעב דיך) — — —"

„אקאַלע — — —" זאָגט פעטער א. „קעהר זיך אום קיין אקרא, פו וואנעט דו קומסט — — — !"

„אקאַלע — — —" זאָגט דער יונגערמאַן פונ'ם רייכען הויז, וואָס וויל זי באַזיצען „אקאלע — — — ? ? ?"

די מוטער זאָגט גאָרנישט, — קושט ס'מיידעל צערטליך אויפ'ן שטערן — — —.

# עלאַ.

„עלא, זיי נישט אזוי נאַריש. די אלטע מאַריע וועט דיך קורמען אהיימנעהמען, ארום א זייגער זיעבען אין אוונט. קען מען דען אַנמוטען פון דעם הערר פעטער דיך אהיימצופיהרען אזוי שפּעט פונ'ם טהירגאַרטען ? ! ס'איז גענוג, אז ער ק ו מ ט נאך דיר. פאַרשטעהסט דאך, אז נאך אלעמען איז ער נישט דיינס גלייכען. זיי א קלוג מיידעל. איך מיין, אז מ'האָט גענוג צייט זיך אַנצואַמוזירען א גאַנצען טאָג".

„אמוזירען, מאַמע ? !"

„נו, געוויס וואָס דען איז עס צו געהן מיט דעם הערר פּעטער אין טהירגאַרטען צו די ווילדע ? — א לעקציע אין פּיאַנאָ־שפּיעלען ? מ'טאָהר נישט זיין אזוי עלא. דו ווייסט, אז איך ערלויב אלצדינג, וואָס ס'איז גאָר נישט — — —. עלא — — — ! עלא — — — ? ! וואָס איז מיט דיר ? היסטעריקע ? נאַר ! נאָ, וואָס פאַרא נאַר דו ביזט. מיין קרוין. שאַ, נו־נו ! — — — — הער־אויף — — ! נו, זעה, האָט מען באַדאַרפט ? איך וועל באַלד אין גאַנצען פאַרוועהרען — — —. אַט האָסטו מיין טאַ־

שענטיכעל. דו נארישע! ווי אלט ביזטו עס אין גאנצען, מישטיינס געזאגט?! הם?! נו, קרוין מיינע, זיי נישט אזוי — — — —"

„א, מאמע טייערע — — —. דאס איז נישט קיין אמוזירונג. אין אן אנדער לעבען פיהרט ער מיך אוועק, אין דעם טיהרגאר־מען. אלצדינג איז אזוי וואונדערליך. קיינער קען עס נישט ארויסזאגען מיט קיין ווערטער. „ווי פיש אין טייך, אזוי געפי־נען מיר זיך דארטען", אזוי האט אמאהל געזאגט דער פעטער ווע־גען אונז ביידען, ווענען מיר און ווענען זיך".

„נו, זעהר וואויל, מיין קינד. אבער ווען דער טאטע זאל עס וויסען?! ביינאכט ווערסטו זיך ווידער ארומוואַרפען אויפ'ן גע־לעגער און אין דער פריה ווערסטו אויפשטעהן מיט א קאפּוועהטאג".

„אה, מאמעשו. אויפ'ן וועג האט דער הערר פעטער צו מיר געזאגט: „אז מען געהט מיט אייך איז מען ווי מיט ז י ך אליין. מען דארף נישט זאגען קיין ליגען", איז דאס ניט שעהן, מאמע?"

„וואס מיינט ער דאמיט?!"

„וואס עס מיינט — וויים איך נישט. איך קען עס נאר פ י ה ל ע ן!"

„איך מיין, אז קיין גוטס קומט פון אזוינע זאכען נישט ארוים. נישט מעהר, איך האב דיר צוגעזאגט, וויל איך נישט ברעכען מיין ווארט. וואש דיך ארום. ער וועט באלד א קלינג טון".

„מאמע, איך וויל בלייבען אין דער היים — —".

„פארוואס?"

„איך וויל א ז ו י בלייבען אין דער היים!"

„וואס זאגט מען צו איהר, איך בעט אייך? עפּעס א צע־דרעהטע — אזוי ווי ע ר. נעה, קינד מיינס, געה, טו דיך אן, וואש דיך ארום, טו־אן די העל־גרינע סאמעט־מיטין. שנעלער! טו דיך אן, ערגער מיך נישט. איך האב שוין אפילו געזאגט דער אלטער מאריע אזייגער זיעבען זאל זי דיך קומען אהיימנעהמען פונ'ם טהירגארטען. וואס קלעהרסטו דיר עפּעס?! איינמאהל אהין, איינמאהל אהער?!"

„מאמע, איך וויל בלייבען אין דער היים — —"

„פארוואס?“

„אזוי!“

„מאך מיך נישט בייז, עלא!“

— — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — —

הערר פעטער קלינגט־אן אונטען, ביים רעהר־טעלעפאן וואס נעהט ארויף צו די צימערען.

דורכ'ן טעלעפאן: „זאגט עלא'ן זי זאל גלייך ארונטערקומען“.

„הערר דאקטאר, עלא איז עפעס נישט מיט אלעמען. זי קען ליידער נישט מיטנעהן אין טהירגארטען. איך דאנק אייך זעהר פאר אייער פיינקייט“.

„אה — — קען איך רעדען צו עלא'ן — — —? ! — —

„עלא, ווילט איהר נישט מיטנעהן אין רעגענבויגענלאנד? !“

:ניין, הערר דאקטאר. איך קען נישט מיטנעהן אין רעגענבויגענלאנד“.

„פארוואס?“

„אזוי!“

„אדיע!“

„אדיע, הערר דאקטאר, אה, הערר דאקטאר — — —“

מעהר קען מען נישט הערען.

---

# פרינצעסין אין גרין.

מתנות פון סיר פעטער צו נאהבא דו.

4 שנירלעך מאטגרינע פערעל, אשינוה.

8 שנירלעך טונקעלגרינע, נישט־דורכזיכטיגע פערעל, פאר א היפטענגורט, העלעני, מיט א טונקעלגרין זיידען טיכעל, בא־ע. יונפרוי־באנד, דרא־או, וואס ווערט צונעפעסטינט צו דעם פערעל־גורט און דורכגעצויגען צווישען די פיס.

ווייסע שיך, אספּאטי, אויסגעבעט מיט גרינער זייד.
א וויים־פּלאַנעל־לייבעל, קאבאשירט, אויסגענעהט מיט גרי־
נער זייד.
4 דוקו (קאַפּ־פּאטשיילעס) פון גרינער זייד.
פּאגנע (אן אקסעל־מאנטעל, טאַגא) פון גרינער זייד, מיט
ווייסער שטיקעריי.
שעהנע, שווארצע, גרינע פּרינצעסין — — —!

---

## פּאפּריקא-שויטען.

„הערר — — —" האט געזאגט דער גאָלדשמיד נאָטע־אי
„וואו איז די פּאפּריקא וואס דו האסט מיר צוגעזאגט צו ברענ־
גען ? !"
„פארגעסען, נאָטע־אי — — —!"
„פארגעסען ? ! מסתם האט דיר נישט געפּאסט עס אריינ־
צוגעהן קויפען — — —? ! נאהאבאדו האט היינט אפילו נישט
פארזוכט פון'ם מיטאָג — — —".
„פארוואָס ?"
„ווייל אזוי".
„ווייל אזוי פּ א ר ו ו א ס?"
„ווייל אזוי. א חוץ דעם איז נישט געווען קיין פּאפּריקא אין
דער יויך. מיר שווארצע עסען נישט קיין שום זאך, וואס איז
נישט געווירצט. איז האט זי אַלצרינג איבערגעלאַזען. אַ, הערר,
מארגען וועסטו נישט זאגען „איך האב פארגעסען — —!"
— — — — — — — — — — —
— — — — — — — — — — —

---

# דער מיטעלמעסיגער.

„איך בעט אייך, ווי האלט עם מיט אַט־דעם שווארצען מיי־דעל — — — ?! יאָ — — — ?!"

„ניין!"

„אַה, איהר זענט אַ זשענטעלמאַן, איהר וועט קיינעם נישט דערצעהלען".

„איך האָב נישט וואַס צו דערצעהלען".

„נו, און געלד נעהמען זיי, אז מען גיט?"

„יאָ".

„און זיידענע טיכער?"

„יאָ".

„און דערנאָך?"

„דערנאָך וואַס?"

„איך מיין — — —"

„דערנאָך גאר נישט".

„פארוואס גיט מען זיי פרעזענטען?!"

„ווייל זיי זענען שעהן און ליעב. זיי גיבען אונז קעניגליכע מתנות — זייער שעהנקייט. מיר דאַנקען זיי ווי בעטלערס".

„ווי האַלט עס מיט די יונגע מענער. שוין 8 חדשים אז זיי זענען פון דער היים. אזוי קומען זיי אוים מיט — — — ?!"

„זיי ארבייטען, זיי טאַנצען, זיי זינגען".

„אבער זיי זענען דאָך אזוי שטאַרק?!"

„טאַקע דערפאר. בלויז שוואכע מענשען האבען באַדערפנישען, פון וועלכע זיי קענען זיך נישט אפבינדען. דער שטאַרקער האָט צופאסונג־כוחות".

„הייסט עס, אז די מיידלעך זענען נישט צום אנריהרען?"

„פאַרקעהרט".

„מיט וואָסער באדינג?"

„מיט דעם באדינג, אז זיי זאָלען זיך פארליעבען!"

„איך האָב אָבער געהערט, אז ס'איז גאָר נישטאָ אזא שווארץ מיידעל וואָס מ'זאָל זי נישט קענען קויפען פאר געלד — — —!

„יאָ, ווען זי האָט דיך ליעב. מען זאָגט צו דער מוטער: „מאַ־מאָ, איך ליעב דיין טאָכטער, און דיין טאָכטער ליעבט מיך!"

„אויב אזוי ווערסטו מיר מוזען געבען 300 שילינג און זילבער", ענטפערט די מוטער.

„ווי לאנג קען מען האלטען אייער טאָכטער?"

„אזוי לאנג ווי זי האָט אייך ליעב, אַ האַלב יאָהר, אַ יאָהר, צוויי יאָהר, אייביג!"

„און אז מען לאָזט זי אוועק?"

„איז זי פּונקט אזוי גוט ווי אַ מיידעל. שווארצע מאַנסביל מאָכען נישט קיין אונטערשיעד אין אזוינע זאכען. מיט וואָס האָט זי זיך דען געענדערט? אַלע צענויפקומען פון ל י ע ב ע זענען אַ ו מ ש ו ל ד י ג ע".

פּויזע.

„נאָהבאַדוה, נאָהבאַדוה — — —! באַ־אַ! (קום אהער!) אַט־דער הערר וויל איך זאָל דיר איבערגעבען אין זיין נאָמען אַ מתנה פון 10 קראָנען".

„אָה, סיר — — —!"

---

# דֶער אָטאָמאַט.

„הערר — —" האָט געזאָגט דער יונגער מענסאה „אַט־דאָ אין גארטען געפינט זיך אַ מערקווירדיגע זאך. מען ווארפט אריין צוויי קרייצער און סע זאָגט דיר דיין גורל".

„טאקע?!" האָט געזאָגט פעטער א.

„סיר"! ס'איז עפּעס גאָר משוגע צו ווערען: אויבען אין דאָרף וואוינט אַ יונגע נעגערין וועלכע איך ליעב. און זי האָט אַ מאַן.

„ליעבט זי איהם?“

„ניין“

„ווי אזוי ווייסטו עס?“

„זי האט זעהר טרויריגע אויגען“.

„קום — — —“

דער הערר איז געגאנגען מיט דעם נעגער צו דער וואהרזאג־מאשין, וועלכע איז געווען רויט־אפגעגלאנצט און האט א שויב מיט א ווייזער. דארט וואו דער ווייזער האט זיך אפגעשטעלט, דארט איז געווען איינעם'ס גורל.

דער נעגער האט אריינגעווארפען אין אטאמאט צוויי קרייצער.

דער ווייזער האט זיך געדרעהט.

געדרעהט.

עס איז געבליבען שטעהן ביי די ווערטער:

„דו וועסט מאכען א רייזע, און עס שטעהט דיר פאר צו פאר־ליערען א סך געלד“.

„נו?“ האט געזאגט דער נעגער.

„זי ליעבט דיך!“ האט געזאגט פעטער א.

— — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — —

„הערר“ האט אויף צו מארגענס דער נעגער געזאגט צו פעטער א. „קען מען זיך פארלאזען אויף א נביאה־מאשין?! אין איהר גארטען געפינט זיך נאך אזא וואונדער־מאשין. אויב ה[illegible] וועט זאגען דאסזעלבע וואס מיינע — — —?“

„ווייז מיר צוערשט דיין געליעבטע פריינדין, מעדושא“.

ער האט געפיהרט דעם הערר צו זיין פריינדין מעדושא.

זי איז געזעסען אויפ'ן טאנצפלאץ. איהר מאן איז צוגעקו־מען צו איהר, האט אראפגענומען זיין גרינוואלענע „פאגגע“ און עס ארויפגעלעגט אויף איהרע צארטע אקסלען, ווייל דער אווענד־ווינט האט זיך גענומען אויפהויבען אינ'ם גארטען.

זי איז געבליבען נישט־באוועגליך.

„קום — — —“ האט דער הערר געזאגט צום נעגער.

די בלאָהגעפּארבטע נביאה־מאשין איז געווען אין דער בעס־טער אָרדנונג.

דער ווייזער האָט זיך געדרעהט, געדרעהט, געבליבען שטעהן.

„נו — — ?" האָט געפרעגט מענסאה.

„עס שטעהט דיר פּאר אַ גרויס אומגליק. ס'איז נאָך צייט צו פּארהיטען. באַדענק דיך!"

מענסאה איז פּארזונקען אין טיעפען נאָכדענקען.

„טהאנק יו, סיר!"

פּויזע.

דערנאָך האָט מענסאה געזאָגט: „זי האָט אָבער פּ אַ ר ט זעהר טרויריגע אויגען — — —!"

דער הערר אָבער האָט געטראכט: „ער האָט צערטליך אָנגע־טון די שאַל אויף די אַקסלען, ווייל דער אווענד־ווינד האָט זיך גע־נומען אויפהויבען אינ'ם גאָרטען — — —!"

---

## שטראָף פּאר אַ זינדיגער פרוי.

„און ווי איז ביי אייך, אז אַ פּארהייראטע פרוי האָט צו טון מיט אַן אַנדערן מאַן, סאַמסאָן אַדוקוע?!"

„איך וויים נישט וואָס איהר מיינט, מיין הערר!"

„אז אַ פּארהייראטע פרוי שלאָפט מיט אַן אַנדערען!"

„וואָס מיינט איהר?"

„איך מיין: שלאָגט זי דער מאַן דערפאַר, אָדער שיקט ער זי צוריק צו די עלטערן, אָדער דער'הרג'עט ער זי?!"

„צו וואָס זאָל ער עס טון, מיין הערר?!?"

„איך וויים? עפּעס מ ו ז דאָך געשעהן אין אַזאַ פאַל. צי ניין?!"

„אַ, יאַ. סע פּאַסירט עפּעס אַ שרעקליכע זאַך".

„וואָס?"

„אַנשטאָט וואָס ער האָט זי פריהער ליעב געהאַט מיט דער גרויסער ליעבע, האָט ער זי איצט בלויז ק ל י י ן  ל י ע ב!"

— — — — — — — — — — —

## שמיץ.

„שמיץ זענען גוט, אָה סיר!" האָט געזאָגט צו פּעטער אַ. די יונגע נעגערין דערע, וועלכע האָט ערשט געכאַפּט שמיץ פון איהר מאַן.

„עס איז אזוי ווי טשאַפּאַן (מעדיצין)! דער וואָס ג י ט די שמיץ ווערט געהיילט פון זיין כעס, און דער אנדערער ווערט געהיילט פון זיין „בייז געוויסען"!"

— — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — —

## חתונה-אויסשטייער.

„ווי איז עס ביי אייך מיט חתונה־אויסשטייער, סאַמסאָן אדוקוע?!!"

„דער מאַן וואָס וויל הייראַטען אַ מיידעל, מיין הערר, מוז נ אַ ט י ר ל י ך באַצאָהלען די עלטערן אַ פּרייז כדי זי צו באַקומען!"

„נ אַ ט י ר ל י ך!"" — — — — —

## חכמה.

„ווי אזוי איז ביי איך מיט ירושה, סאמסאן ארוקוע?"

„מיט ירושה?!"

„יא. ווער איז ביי איך דער געזעצליכער יורש, ווען איינער שטארבט?"

„דער עלטסטער זוהן פון דעם פארשטארבענעם'ס שוועסטער, נאטירליך!"

„וואס? א געשוועסטער־קינד? פארוואס נישט דער ווירדיגער זוהן? ער איז דאך נעהנטער — — — ?!"

„דער אייגענער זוהן? וואס רעדט איהר?! דער זוהן פון דער שוועסטער איז דאך דער איינציגער אין וועמענ'ס בלוט־נאהענט־קייט עס קען נישט זיין קיין ספק! דער זוהן פון מיין שוועסטער, פון וועמען זי זאל איהם נישט האבען, סיי פון איהר אייגענעם מאן, סיי פון א פרעמדען, איז אבער פארט מיין אייגען בלוט, מיין שוועסטער'ס זוהן! אבער אן אייגענער זוהן?!! א, מיין הערר — — —!"

---

## פילאזאפי.

די באזוכער פונ'ם אשאנטי־דארף, וואס איז אויפגעשטעלט אין טיהרגארטען, מאכען זיך א שפאס, און קלאפען ביינאכט אין די ווענט פון די אשאנטי־געצעלטען.

דער גאלדשמיד נאטע־אי: „סיר, אז מען וועט איך אמאהל אויסשטעלען ביי אונז, אין אקרא, וועלען מיר ביינאכט נ י ש ט קלאפען אין אייערע געצעלטען!"

---

# אַ ריטער.

„הערר“ האָט נעזאָגט דער הויפּטלינג באַדזשע צו פּעטער אַ.
„קום אריין אין מיין געצעלט“.

— — — — — — — — — — —

„זעצט אייך!“

— — — — — — — — — — —

„איך האָב היינט נאָכמיטאָג געשלאָגען נאָהבאַדרו'ן. איך האָב איהר דערלאַנגט מיט אַ פּערדבייטש. פאַרשטעהסטו וואָס איך זאָג?“

„איך פאַרשטעה — — —“

„איך בין דער הויפּטלינג פון מיין פאָלק. איך האָב נישט ליעב צו שלאָגען נאָהאַבאַדרו'ן. געוויס. פונדעסטוועגען ווען אַלע מיידלעך פאַרנעהמען זיך מיט'ן טאַם־טאַם־טאַנץ זיצט זי אין איהר געצעלט און טוט גאַרנישט. מיינט איהר אַז זי איז קראַנק, אָדער מיעד? ניין. גלאַט אַזוי: משוגע! זי זיצט אין געצעלט און טוט גאַרנישט. איך בין דער הויפּטלינג פון מיין פאָלק! איך האָב זי געפרעגט פאַרוואָס זיצט זי אַזוי טאָג־איין, טאָג־אויס און טוט גאַרנישט? איך האָב געפרעגט און געפרעגט. דאַן האָב איך זי געשלאָגען מיט דער בייטש! ווען אַלע מיידלעך זאָלען זיצען אין די געצעלטען און גאַרנישט טון, נאָר חלום'ען, האַ? שעהן וואָלט דאָס געווען! פאַרוואָס צאָהלען אונז די ווייסע מענשען? עס איז אונזער פליכט. איך האָב נישט ליעב צו שלאָגען נאָהבאַדרו'ן. איך האָב דיר נאָר געוואָלט בעצאָהלען, כדי דו זאָלסט וויסען — — —. האַ? וואָס איז געשעהן, מיין הערר? פאַרוואָס זענט איהר — — —?!“

„גאַרנישט, באַדזשע — — —“.

„נו, מיין הערר, פון איצט־אָן וועל איך זי לאָזען זיצען אין געצעלט און חלום'ען — — —“.

# מוטערליכקייט.

„אַה, מיר!“ האָט געזאָגט דאָס יונגע, שרעקליך־אָפּגעמאַגערטע נעגערווייב צו פּעטער א. „נעהם נאָר אוועק פון מיינע קינדער אקאָלע, אקאָשיאַ, מענסאַה, שאָמע. די זיסע שעהנקייט וואָס איך האָב זיי געגעבען, גיב דאָס מיר צ ו ר י ק, און דו וועסט זעהן, ווי שעהן איך וועל זיין — — —! דו וועסט מיך קענען באוואונדערען ווי דו באוואונדערסט דיין געטליכע גאָה־באָדוה, וועלכע האָט נאָך גאָרנישט פארשווענדט פון זיך!“

# אַ פאַרזאַמלונג.

אווענד.

די שטערן פינקלען, אין פריעדען ליגט דאָס דאָרף.

אין דרויסען פאַר'ן גאָלדשמיד'ס געצעלט זיצען אויף באַמבום־פּיסבענקלעך, נאַטע־או, אדו, קוואקו, באָדזשע.

אַלע זענען שטאַרק פארטראַכט אין זאַכען פון גרויס־מאָנס־בילשער וויכטיקייט.

באָדזשע: „הערר נאַטע־אי! איך גלויב, אז מיר דאַרפען טיאַקאַ'ן אוועקשענקען צום ווייסען מאַן, וועלכער איז דאָ געוועזען אונזער וואוילגעפעליגער האַר, דעם דירעקטאָר פון אַט־דעם גאָרטען. קענען מיר דען אנדערש טון? איך מיין אז מיר דאַרפען אזוי האנדלען“.

אַ טיעפע שטילקייט.

אַדו: „איך דענק אויך אז מיר וועלען אזוי טון“.

טיעפע שטילקייט.

באָדזשע: „רופט טיאַקאַ'ן!“

„טיאַ־קאַ, באַ־אַ — — —!“

באַדזשע: „דער פּאַלאַוועך (פאַרזאַמלונג פון מאַנסביל) האָט באַשלאָסען, דיך אוועקצושענקען צום העדר פון אַט־דעם גאַרטען, אַלס אַ געזעגען־מתנה. ער איז שטענדיג געווען גוט צו אונז. ווילסטו פאַרבלייבען ביי איהם?!"

„איך וויל פאַרבלייבען אין וויען — — —"

„ביי'ם העדר פון דעם גאַרטען?!"

אַ טיעפע שטילקייט.

טיאַקאַ: „נו גוט, ביים העדר פונ'ם גאַרטען! — — — וויסט אָבער סיר פּעטער דאַפּון?!"

באַדזשע: „וואָס איז עס זיין געשעפט!?! דער פּאַלאַוועך האָט באַשלאָסען געהן!"

— — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — —

דער טהירגאַרטען־דירעקטאָר: „מיינע העררען, מיינע דאַמען! איהר וועט שטוינען צו הערען אַז היינט נאָכמיטאָג האָט מיר די פאַרזאַמלונג פון די נעגער־מאַנסביל געשענקט טיאַקאַ'ן אַלס עהרען־מתנה!"

„האַהאַהאַ — — —. וועט איהר זי צונעהמען?! געוויס. איהר מוזט עס טון. דאָס וועט זיין זעהר ראָמאַנטיש. אַזוי ווי אַ קאַפּיטעל פון וויקטאָר הוגאָ'ס אַ בוך אָדער דיומאַ'ס — — —"

דער העדר דירעקטאָר שווייגט.

דאַן זאָגט ער: „ס'איז נישט פאַראַן דאַביי קיין שום ראָמאַנטיש געפיהל. די וועלט איז אַזוי ליידיג. זי וועט ביי אונז באַלד ווערען אַ פּשוט'ע דיענסט. פונדעסטוועגען האָב איך זיי זעהר ליעב געקראָגען, אַט־די שוואַרצע. מיר אַליין אויף צו להכעיס. ווען איך האָב זיך אָפּגעדאַנקט פון דער מתנה, זענען אַלע געווען ווי פאַרשטיינערט, זעהר פאַרשעהמט. זיי האָבען שיעור אויסגעבראָכען אין אַ געוויין. איך האָב געקושט טיאַקאַ'ן. דאָ האָט זיך באַדזשע אָנגערופען: „העדר, אויב דו ווילסט נישט נעהמען טיאַקאַ'ן, ווייל זי געפעלט דיר נישט, האָבען מיר צו דיר גזרישט. פאַרשטעהט זיך. אָבער ערלויבט מיר כאָטש דיר

צו שענקען מיין פאלענבויגען, אלס אן אנדענקונג. איך האב מיט איהם געשאסען גרויסע פייגעל — — —"

„און וואס האט טיאקא געטון? !" האבען געפרעגט די דאמען.

„זי איז געשטאנען אט־דא־א, שטאלץ־אויסגעשטרעקט, און האט רוהיג צוגעקוקט ווי מען בייט זי אויס אויף א פאלענבויגען. און ווייסט איהר, מיינע הערשאפטען, וואס דער העדר פעטער האט צו מיר געזאגט, ווען ער איז געוואהר געווארען פון אט־דער געשיכטע?"

„מסתם עפעס א משוגע'ן ווארט".

„יא. ער האט געזאגט „איהר האט זי באדארפט האלטען. איהר וואלט מיט איהר גאנץ גוט אויסגעקומען".

„וואס האט ער געמיינט דאמיט?"

„איך ווייס נישט. אבער איך גלויב אליין אויך, אז איך וואלט מיט איהר געווען גאנץ גוט אויסגעקומען".

אלע האבען געשוויגען, נישט געוואוסט וואס צו זאגען.

דאן האט געזאגט פרייליין האנזי ה.: „הערר דירעקטאר, ביטע, רופט־צו טיאקא'ן צו אונזער טיש".

„צו וואס?"

„איך וויל איהר א קוש טון אויפ'ן שטערן — —".

---

## אין טאג פונ'ם געזעגנען.

די מוטער פון טיאקא: „הערר, קום אריין אין אונזער געצעלט — — — — — — !"

— — — — — — — — — — —

„מיר גיבען דיר אלס דאש (מתנה) אט־דאס קליינע אפריקאנישע פיסבענקעלע, אויף וועלכען אונזער טאכטערל טיאקא איז די לעצטע צייט ליעב געהאט צו זיצען און צו וויינען. מיר

שענקען עס דיר אלס אַן אנדענקען דאפון, אז דו האָסט אמאָהל זעהר געליעבט אונזער טאַכטער — — —.

— — — — — — — — — — —

נאהאבאדו: „ביזט אָרעם?"

„יאָ".

„קענסט נישט מיטפֿאָהרען קיין אפריקא?"

„ניין".

מען שווייגט.

„אַ, האמי ראש, גודביי?!" (וואָס פאר אַ מתנה ווערסטו איהר געבען ביים געזעגנען?)

„פאננע". (אקסעל־מאנטעל).

„יארד עבאָ?" (זעקס מעטער שטאָף?)

„יארד עבאָ".

„יארד באַניאָ?" (אַכט מעטער).

„יארד באַניאָ!"

„שיקאָ, שיקאָ, גודביי!" (גיב מיר מיט אביסעל געלד אויף דער רייזע).

„איך וועל דיר געבען 30 שילינג, אָה, נאהאבאדוה — — —"

„אַ שאַד, דו פאָהרסט ניט קיין אפריקאָ, ווייל דו ביזט אָרעם. ווען דו זאָלסט זיין רייך — — —".

ווי אַ קעניגין פון לעבען איז זי דאַן געשטאַנען אין איהר ברוינער, נאַקעטער שעהנקייט. „ווען דו זאָלסט זיין רייך, וואָלסטו מיט מיר מיטגעפֿאָהרען ביז קיין אפריקאָ!"

אזוי ווי אַ קעניגין! קעניגינס לעבען פון זיעג! פון זיע־נער־פאַנטאַזיען! פון אַן אַפּגלאַנץ פון זיעג!

ער וואָלט מיטגעפאָהרען! מיטגעפאָהרען ביז אפּ־ריקאָ!

---

## איהר אדרעסע.

נאהאבאדוה.
כריסטיאנסבארג.
גאלדקאסט.
אקרא.
קינג סטריט.
לאמא־הויז.

---

## אן אווענד אין שפעט-הערבסט.

„הערר דירעקטאר — —" האט געזאגט דער וועכטער פונ'ם טהירגארטען „היינט אווענד איז דא געווען א הערר און זיך נאכ־
וועסט־קאוסט.
אפריקא.
געפרעגט אויף אייך: דאן איז ער געווען אין א לעדיגען געצעלט אין אויבערשטען טייל פונ'ם אשאנטי־דארף. אין א פערטעל שעה ארום איז ער צוריק ארויסגעקומען און איז שטילערהייד ארויסגע־גאנגען פונ'ם גארטען".

„נו, גוט, יאזעף. איבריגענס וועט מען שוין מארגען איינ־ווארפען ס'גאנצע דארף — — —. מיר מוזען מאכען פלאץ פאר די שטריק־טענצער און פאר דעם לופטבאלון — — —".

---

# אונזערע יונגע לייט.

עס איז געוועזן אין גארטענרעסטאראן.
א ריינע לופט נאך א רעגען.
די נאטור האט זיך צעווילדעוועט, זיך אויפגעפיהרט נישט אנשטענדיג: איצט האט זי פריעדליך אויפגעאטעמט און די טונקלע פלעקען פון די זעגעלטוך־פלאכען זענען געווארען אלץ ליכטיגער און ליכטיגער, ביז זיי זענען אין גאנצען פארשוואונדען געווארען.
אלע האבען געהאט פאר זיך פילזנער־ביער, מיט קליינע פעפערלען פון אויבען, ווי פריה־פראסט און האבען גערויכערט וואויל־דופטיגע ציגארען.
„לייען אונז פאר דיין גערדיכט „די קאץ"! — האט געזאגט ל. „אפוס 37".
דער דיכטער האט געלייענט „די קאץ, אפוס 37".
ער האט עס געלייענט אונגעהויער פ ש ו ט, אזוי מאדערן ווי אנדא האט געלאזט די כלומר'שדיג פערעל פאלען אונטער'ן טיש, האט נישט אנגעוויזען וואו זיי געפינען זיך.
ביים סוף האט ער געזאגט: „איך וויים נישט צי איך האב אויסגעדריקט דאס וואס איך האב געוואלט".
„דורכאוים! — —" האט געזאגט א. „פאר וועמען שרייבען מיר דען? פאר אלף־בית־מענשען? מ י ר פארשטעהען עס".
„די קאץ און דאס זשעניע — —" האט געזאגט ל. „דו פוצסט זיך מיט אנטיטהעזען, מיין טייערער — — —".
„מען מוז עס טון" האט א. זיך אנגענומען פאר'ן דיכטער, „מען מוז זיך אריינוואָרפען דרין. דאן ענטפלעקט זיך עס פאר אונז, גיט זיך אליין אוועק, פארשטעהסטו דאס? אזוי ווי אין דער ליעבע! ארויסטרעטען קעגען א דיכטער, הייסט אפצושוואכען דאס קינסטלערשע נערווענסיסטעם, וויטער גארנישט — —"

דער דיכטער פון „די קאַץ, אפּוס 37“ האָט זיך געפיהלט ווי דערלייזט. „אַ מענש מיט אַ שאַרפען בליק“ האָט ער געטראַכט.

„די קאַץ איז נישט צוגעבונדען צו קיין זאַך און איז עלאַסטיש“ האָט ער געזאָגט. „דער דיכטער, דער קינסטלער איז ווי די קאַץ. ער איז צו גאָרנישט צוגעבונדען און איז עלאַסטיש. דריי זשעניעס: דער דיכטער, די פרוי, די קאַץ! דער דיכטער ווערט מיעד, פאַרבינדט זיך צו עפּעס. די פרוי ווערט מיעד, פאַרבינדט זיך צו עפּעס. די קאַץ בלייבט עלאַסטיש. צום שלוס אַן אויסצוג פון „ברעהם“ איבער דער קאַץ. אַט־אַזוי אַרבייט איך. באַסטאַ!“

ב. איז נישט געווען זעהר צופריעדען. „מיר פעהלט דער עטהישער מאָמענט דרינען“, האָט ער געזאָגט.

אַלעמען איז געווען באַקאַנט אַט־דער נשמה־שמערץ פון דעם פילאַנטראָפּ.

„טונק־איין דיין פעדער אין דעם גאָרגעלדיגען בלוט פון געמאָרדעטע שקלאַווען — —“ האָט דעקלאַמירט הערר אַ. פון ב'ס „סאָציאַלען עפּאָס“.

דערנאָך האָט ער געזאָגט צום דיכטער: „שרייב בעסער אויף דער טעמאַ „די קאַץ אַלס דערלייזערין פון דער מענשהייט!“ הע, וואָס זאָגסטו? מיר, פיינגעשטימטע מענשען, האָבען אונזער אייגענע שפּראַך. דאָס איז קיין קליינינקייט נישט. די עטהיק אָבער איז דער געשריי פון דער מאַסע. זענען מ י ר די מאַסע? גאָט זיי דאַנק, וואָס מיר זענען נישט די מאַסע! — —“

אַלע האָבען צוגעגעבען, אַז וואָס־וואָס אָבער די מאַסע זענען זיי נישט.

„איך האָב אין אַ ל ג ע מ י י ן נישט ליעב קיין קעץ!“ האָט געזאָגט ב. און איז געל־געוואָרען פון אויפרעגונג „וואָס זענען אַזוינס די קעץ? אפשר אַ טהעמאַ פאַר דער קונסט?!“

„קעץ זענען נישט ע ט ה י ש — —“ האָט געזאָגט אַ. „נישט איבערגעבען, נישט געטריי. שרייב בעסער וועגען „די פערד“, „די הינט“, וועגען דעם שטאַרך־פויגעל“.

אַלע האָבען געלאַכט.

„די קאַץ א י ז עסטהעטיש“, האָט געזאָגט דער דיכטער. „דאָס איז אונזער איינציגע מאָס. זי איז שעהן, זי איז באַוועגליך ווי די דיכטער־נשמה“.

„אמן!“ האָט געזאָגט אַ. און האָט אַרויסגעוויזען אַן אונגע־הויערע פאַראַכטונג, גלאַט־אַזוי, אָהן אַ פאַר־וואָס.

ב. איז בלאָס געוואָרען, האָט זיך צענויפגעצויגען ווי מימאָזאַ פודיקאַ, האָט זיך כלומרשט אָנגעטאָן די דאָרן־קרוין פון אַ מאַר־טירער. ער האָט אויף זיך אַרויפגעשלעפּט אַ מינע פון אַ גרוי־סען „בעל־יסורים“.

„אַ שטורעם וועט זיך צעשטורעמען און אייך אַלע צעוואָרפען ווי שטרוי“ — — האָט ער פאַרגעלייענט פון זיין „סאָציאַלען עפּאָס“. דאַן האָט ער געזאָגט מילד — וואָס מילד קען נאַר זיין:

„אַ, מיין טייערער, דו ביזט אויף אַ פאַלשען וועג — — —“

אַ. איז געווען דער שונא, דער שונא פון אַלצדינג. ער האָט מיט זיך פאַרגעשטעלט די פּיינסטע „נערוועז־אַריסטאָקראַטי“. עס איז ביי איהם געווען אַ יום־טוב, אַז עמיצער האָט אָנגעשריבען עפּעס אַזוינס וואָס דער „געוועהנליכער מענש“ האָט נישט פאַר־שטאַנען. דאָס אליין איז שוין ביי איהם געווען די גרעסטע מעלה. דאַריבער האָט ער באַוואונדערט דעם קאַץ־דיכטער און איהם אָנגערופען סימבאָליסט, געהיימניספּולער, אַ דיכטער פון דער צוקונפט! „מיר די הונדערט“ פלעגט ער שטענדיג זאָגען אָנשטאָט מיר די „פּיער הונדערט“ פון גייסט. ווען ער זאָל זיך נישט שעהמען, וואָלט ער געזאָגט „מיר צעהן“, אָבער ס'האָט איהם נישט געפּאַסט צו געהן אַזוי וויט — — —.

ב. איז געזעסען און געשוויגען צו זיך אליין. עס האָט זיך אָנגעהויבען צו לויטערען אין זיינע אויגען פּייער, אַריבערגע־שוועבט איבער זיך זעלבסט, און געלאָזט זיין איך וויט פון אונ־טען.

ער האָט געפיהלט, אַז מען מוז העלפען די יונגע, באַגייסטער־טע קינסטלער צו געפינען „זייער וועג“, אפילו ווען עס זאָל דאַר־פען קאָסטען — — —.

ער האט דאריבער געזאגט: „דיין קאץ איז א פיין ליער. דו וועסט שוין געפינען דיינע לעזער — —".

אלע האבען געפיהלט, אז ב. איז באמת „עטהיש־פערשוואנגערט". דאס האט ארויסגערופען א מילדערע שטימונג, פארשטענדניש. דער צענויפקום האט אנגענומען א „הומאנעם" כאראקטער. אלע האבען מעהר־ווייניגער צוגעשטימט. דעם אמת געזאגט האט דער דיכטער געהאט חשק אביסעל מעהר צו־צולייגען זיין „קאץ. אפוס 37", און קינסטליך צו פארלענגערן דעם שמועס. א חוץ דעם האט ער נאך געהאט פארצוברענגען געוויסע גרונד־לעגענדען איבער זיין „קינסטלערישער טענדענץ". אבער אז עס האט זיך נישט געמאכט קיין געלעגענהייט — איז נישט! נאך אלעמען האט ער געהערט עטליכע גאנץ וואוילע קאמפלימענטען און דאס איז די הויפטזאך — — —. די „גרונד־לעגענדען" קען מען אויסנוצען ביי אן אנדערער געלעגענהייט.

די זענגעלטיכער זענען איצט געווען אין גאנצען צעפליגעלט, און די קרוינען פון די ביימער האבען געבלישטשעט אינ'ם אפּגלאנץ־ליכט — — —.

ווי שעהן זיי זענען דא אלע געזעסען ארום'ן טיש: די יונגע האפנונגען, די בענקענישען, די גייסטיג־נשמה'דיגע טויט אין לעבען פונקען פון אונזער יאהרהונדערט — — —.

לעבען א דערבייאיגען טיש זענען געזעסען א העדר און א דאמע.

דער העדר איז געווען עלעגאנט, נישט יונג.

די יונגע דאמע איז געווען פארגלייכגילטיגט „מיך־ארט־עס־נישט". זי איז געזעסען ווי אויף ווייכע קישענס פון געצערטעלטער פריינדשאפט.

זי האט געטראגען א שווארצזיידען קלייד, און אויער־רינגען פון ד ר י י ברילאנטענע נאכהענגערלעך.

זיי האבען געטרונקען שאמפאניער־וויין פון קליינע טיפע גלעזער.

„וואָס פאַר איינע זענען אַט־די?!“ האָט געזאָגט די יונגע דאַמע, האָט אָנגעשפּאַרט די עלנבויגענס אויפ'ן טיש, און דעם קאָפּ אַביסעל קרומליך אויף די צענויפגעלייגטע הענט.

דער הערר האָט אריבערגעקוקט צו די דיכטער און האָט ווייטער געדרויכערט זיין ציגאַר, אין אַ ריעזיגע, פּאַפּירענעם ציגאַר־שפּיץ.

דער דיכטער פון „אפּוס 37“ האָט אויף איהר געגלאָצט די אויגען: „דו דאַרט, מיט די דריי בריליאַנטענע נאָכהענגערלעך אין די אויערען, קוק אויף מ י ר! אַט־דאָ־אַ זיצט דאָס אָרימע לעבען און פריהרט און זינגט — — —!“

אַט־די ווערטער האָט ער דעקלאַמירט נישט מיט די ליפּען, נור מיט די אויגען — — —.

דערנאָך זענען געקומען נאָך שעהנערע ווערטער, פּאַטריעטי־שערע, טיעפע און דערנאָך זענען געקומען צוויי שורות וואָס האָבען געזאָגט אומגעפעהר:

„איך פאַרנייג זיך פאַר דיר,
דו מיט די בריליאַנטען דריי“ — — —

דאָס פרייליין איז שוואַרצזיידענעם קלייד האָט געזאָגט: „אָט יענעם בין איך געפעלען. דו זעהסט, קאַרל? — — —!“

דער הערר האָט אויף איהר אַ קוק געטון אזוי אין פלוג, און האָט איהר צערטליך געגלעט די האַנד. דאַן האָט ער ווייטער גע־רויכערט פון זיין ריעזיגען ציגאַרשפּיץ.

די יונגע דאַמע האָט געלעזען די שטומע אויגען־ליעדער און האָט זיי נישט אין גאַנצען פאַרשטאַנען. „וואָס קוקט ער אויף מיר אזוי?!“ האָט זי געטראַכט.

דאַן האָט זי זיי ווידער געלייענט.

צום סוף האָט זי גענומען פאַרשטעהן דאָס דריטען אויגען־ליעד:

„איך פאַרנייג מיך פאַר דיר,
דו מיט די בריליאַנטען דריי“ — —

דא איז דאס „הויכע לעבען“ מיט א געוויש אריבער איבער די „ניעדעריקייטען“ — — —!

די יונגע דאמע איז געווארען פארזויטעלט. א „פאטעטישער אטעם“ האט זי א גלעט געטון — — — —.

דער הערר האט אוועקגעווארפען דעם ריעזיגען ציגארשפיץ, האט זיך באקוועם אנגעשפארט אינ׳ם ווענטעל פון זיין בענקעל, און האט געמיטליך גערעדט מיט דער דאמע. פון צייט צו צייט האט ער איהר געגלעט די האנד.

זי האט פארגעסען די ווערטער פונ׳ם דריטען ליעד — — —.

זי האט געטרונקען פאמערי־וויין, האט געשמייכעלט, געפלירטעט מיט די אויגען, האט זיך ווידער צענויפגעטוליעט צו זיך אליין, געגענעצט און זיך צעלאכט — — —.

„געהן מיר!“ האט זי געזאגט.

זי האט געמיינט „אריין, אינ׳ם ווארימען בעט אונזערען! וואס קומט ארוים פון די אלע נארישקייטען?!“

ביים דערבייאיגען האבען ב. און ל. ווארעמליך גערעדט איבער „הענרי דזשארדזש“. דאן זענען זיי אראפ פון אט־דעם סאציאליסטישען קליין־וואלד, און זענען ארויף אויף א זייטיגער פיינע אלעע, ראלף וואלד עמערסאן.

„א. האט זיך געהאלטען צוריקגעצויגען און זיין מינע איז נאך אלץ געווען „הויף אריסטאקראטיש“.

דער דיכטער אבער איז געזעסען אין גאנצען אויסגעטון פון זיך אליין און פארזונקען אין זיין „קאיז. — — אפוס 37“.

— — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — —

# נערוועז.

זי האט זיך נישט געקענט אפבינדען פון איהר איך, נישט געקענט אוועקרייסען־זיך פון אט־דעם ריעז, וואס האט זי גע־האלטען אין זיינע פויסטען און זי צעדריקט — —.

דאס איז די נערווענקראנקהייט, אדער ריכטיגער, דאס מאכט נערווענקראנק: היפּערטראפי פון דעם א י ך.

אט־דאס „הייליגע אויסלעשען פונ'ם איך" איז דאס געזונד־זיין פון דער פרוי!

„איך האב מיך פארלוירען" פיהלט זי. אין דער אמת'ן האט זי זיך געפונען.

כדי אויסצולעשען דעם איך פון אט־דעם פרייליין איז נישט געווען גענוג אפילו א שטארקער שטורמווינד פון מענליכער ליעבע און קראפט — — —.

שמיץ אין די יונגע יאהרען און שפּעטער — — — —. דאס וואלט א גוטע מעדיצין געווען! אדער עפּעס א פעסטע, פאר־כאפּענדע ארבייט. ניין, דאס בעסטע איז שמיץ.

שטענדיג האט מען ס'געפיהל, אז מ'דארף פון איהר עפּעס ארויסשלאגען, זי שלאגען אהן רחמנות, איהר פּשוט צו געבען די שמיץ־קור — —.

אבער פונקט ווי די נערעכטע נאטור באלוינט דעם בלינדען דאמיט וואס זי גיט איהם א פארשאפט אויער, א פיינעם חוש פאר טאפּען, אזוי באלוינט זי אט־די קראנקהייט פונ'ם איך מיט א וואונ־דערבאר־פיינעם גייסט, א קראפט צו זעהען. קורץ, הויכע אינ־טעליגענץ. דער א י ך ווערט א טייער געגענשטאנד, אויף וועלכע מען קען כסדר מאכען שטודיען, זיך באלערנען, פארשען,

ווי א באטאניקער, ווי א דאקטאר, א כעמיקער. מען שטעלט מיט זיך פאר כמעט די גאנצע וועלט מיט איהרע פריידען און ליידען, איהרע בענקשאפטען, איהר נאריש לעבען, איהר שווער אפשטאר־בען, איהר הייליג וויעדערגעבוירען־ווערען.

און בעת מען לאזט די גייסטפולע בליקען פארשען אין דעם צארטען האנדלען־און־וואנדלען פון דעם איך־פלאנטער, ווערט מען געוואהר פון אזוינע זאכען, פון וועלכע דער פארנומענער גוט־הארציגער מענש ווערט קיינמאהל נישט געוואהר און ווערט באמת א „זעהער", א „נביא". „אט־אזוי גלייכט זיך אלצדינג אוים — — —" האט זי געטראכט.

פונדעסטוועגען האט זי געזוכט ליעבע ווי עפעס א ווייטע רפואה.

אבער אייגענטליך האט זי בלויז געוואלט געוואהר ווערען וואס דאס איז אזוינס.

„אפשר וועט עס מיר געבען רוה, פריעדען — — ?!" האט זי געטראכט.

אדער: „ווי אזוי זעהט אוים אט־די שעהנע זונליכע וועלט, די וועלט פון בלוט־פארלאנגען?! וואס טוט זיך דארטען?! — אפשר קען זי צעניטץ קומען — —!?"

שטענדיג האט זי באטראכט אט־די זאכען, וועלכע דארפען געוועהנליך ארויסבליתען פון אינווייניג, מיט א מיסטעריע, גלייך, ווי א רעצעפט פאר עפעס א נישט־געזונטקייט. פאר פיבער — ביניז! פאר מעלאנכאליע — דער זונליכער טומעל, די ליעבע!

זי האט עס גענומען ווי א מעדיצין, האט נישט שטארק גע־גלויבט דרינען, האט זיך געפיהלט בעסער אויף א מינוט, און פלוצים האט זיך די קראנקהייט וויעדער דורכגעבראכען א וועג, האט צעריסען די שונאים און האט זיי זעלבסט אנגעכאפט מיט איהרע שטארקע פויסטען און האט זיי צעדריקט — — — „שטענ־

דיג קום איך צוריק צו זיך — —!" האט זי געפיהלט. „וואָס פּאר אַ שאד!"

אפשר ווען זי זאָל טרינקען, רויכערן און — קורץ, אַפּשוואַכען איהר נערווענסיסטעם און עס האלטען איז אַן אוננאַטירליכע האַלב שיכרות — — — ? !"

אָבער אזוי־אַ האָט דאָס יונגע רויטע בלוט ארומגעטומעלט אין איהר קערפּער, אין איהר געהירן, אינ'ם הארץ, איז געוואָרען זודיג־הייס און האָט גענעהרט און גערייצט די נערווען, וועלכע האָבען געפּלאצט פון קראפט און לעבען און געשריגען — — — —.

אָבער דאָס לעבען ארום דער דאמפּמאשין איז געווען טעמפּ און דאריבער האָט זיך אַלצדינג געדרעהט ארום זיך זעלבסט, ווי אַ משוגע־געוואָרען קרייזעל, אַנשטאָט צו לויפען אויף אַן אונגע־הויער ווייטען רעלסען־וועג ביז צו דער ענד־סטאציע. ענד־סטאציע „פריעדען".

פונדעסטוועגען זענען פאַראַן אזוינע אינזשעניערען, וועלכע האָבען געקענט דעם סוד פון אַט־דער מאשינערי און האָבען גע־וואוסט ווי עס האַלט מיט דעם און אז זי ווערט נישט געטריבען פון אַ געוועהנליכען ברוטאלען הייץ־קעסעל ווי די אנדערע — —. אָבער ווייל זיי האָבען נישט געקענט לייגען קיין רעלסען מיט אַ שעהנער, פּאסענדער ענדסטאציע, האָבען זיי דאָס אַלצדינג באַ־טראַכט פון איהר שטאַנדפּונקט ארויס, פֿאר אַ זעהר אינטערע־סאנטע ארבייט, וואָס ס'איז ווערטה צו זעהען, אָבער אין דער אמת'ן אַ זעהר־נישט געלונגענע אויספיהרונג.

און דאָס איז באמת געווען — — —.

ווייל דאָס געזונד, דאָס גליק, די רוה פון דער פרוי איז דאָס „זיך־פארלירען", „זיך אויסלעשען", „פארשווינדען" — — —. אָבער דאפון איז גאָר קיין רייד נישט געווען!

זיין מאיעסטעט א י ך איז געזעסען אויפ'ן קעניג־שטוהל, שטאלץ ווי נערא, ווי קאליגולא, און בעת איהרע בליקען האבען אונרוהיג און געפאהר־אנזאגענד זיך געגליטשט איבער דער וועלט, האט דאס אינוועניגסטע פייער פון נישט־צופריעדענקייט אויס־געגראבען און פארצעהרט זיין מאיעסטעט מיט די האר־ווארצ־לען — — —.

ע נ ד ע.

